# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט 2 מאָל מאָנאַטליך.

פערלאַג: חברה „אחיאסף“. רעד.: י. ח. ראבניצקי.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אָסטרייך-אונגארען —.5 פלארין.
האלביאהריג 2.60 ״
פירטעליאָהריג 1,35 ״
דייטשלאנד 8. 50 מארק.
ארץ ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.12 ״
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
נור יאָהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 ״
דען 1טען סענטיאבער 1 ״
יעדער איינציגער נומר קאסט
25 ק״ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט
20 קאפ.

נומר 18. ווין — קראַקויא, תשרי תר״ס — סעפטעמבער 1899. ערשטער יאהרגאנג.


## אינהאלט:



---


צו אבאָנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Dietelsgasse 45

אין וויען:
E. Torczyner, Wien I. Bez. Rudolfsplatz 6.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25,
mündlich: Twarda 6, Thür II

אין בערלין:
Verlag „Achiasaf“ Berlin, zu Händen Dr. H. Malter,
Charlottenburg, Pestalozzistrasse 29.

„דער יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

## ! צו אונזערע געעהרטע מיטארבייטער

מיר בעטען אונזערע ג. מיטארבייטער, פון
היינט אן אלע ארטיקלען פאר דעם „יוד" צו
שיקען אויף'ן אדרעס פון „אחיאסף":

**Verlag „ACHIASAF", Warschau.**

---

## צו די געעהרטע אבאנענטען !

מיר עראינערען די ג. אבאָנענטען, וועלכע האָבען נור איינגע־צאָהלט די ערישטע 2 ראטעס, אַז ס'איז צייט איינצוצאָהלען די דריטע, לעצטע ראטע: 1 רו"כ.

אויך די ג. אבאָנענטען, וועלכע אבאָנירען ¼־יעהריג עראינערן מיר, אַז מיט דער נומער 18 איז זייער אבאָנעמענט געענדיגט און עס הייבט זיך אָן א נייע קווארטאל.

מיר בעטען, דאס אבאָנעמענט צו ערנייערן, כדי מיר זאָלען קענען צושיקען רעגעלמעסיג די ווייטערע נומערן פונ'ם „יוד".

**די אדמיניסטראציאָן.**

---

עס איז אַרויס פון דרוק אַניי זשאַרגאָניש ביכעל:

## קאלומבוס ביאגראפיע און בילד.

פרייז 5 קאפ' מיט פארטא.

אדרעססע:

**Jsak Borysowicz Doktor, Odessa.**

Remieślnicza 48, W. 6.

---

### א שען בילד

**גרופפענבילד פון צווייטען קאָנגרעס**

פון מאָלער אָקין

פרייז מיט פארטא 1,10 רו"כ

**Verlag „Achiasaf", Warschau.**

### חדשות!

המציאו כעת מין הנקרא „פהאָס־פאָרזוירער קאָלק" לפטם בו כל מיני בהמות בזול מאד, הבהמות תרבינה ע"י הפטום הזה לתת חלב שמן ודשן, ההרות תלדנה וולדות גדולות וטובות. החפץ בו לצרכו או למסחר להרויח בו ישלח פאסטמארקע ויקבל ממני פראספעקט חפשי:

**Sch. J. Jelin, Bialystok.**

---

יצא לאור ונמצא להמכר

# לוח אחיאסף

ספרותי ושמושי לשנת **תר"ס**

עם תמונות וציורים.

המאסף הספרותי הזה, שומר את תפקידו ויוצא לאור לתקופת השנה זה **שבע שנים**. וכאשר נוכחו הקוראים משנה לשנה הוא הולך ומתגדל בכמותו ומתפתח ומשתלם באיכותו.

בשנה זו מחזיק הלוח יותר מעשרים ותשעה באגען פארמאט „אחיאסף".

מתוכן הענינים הבא הלאה ידעו הקוראים, כי כל טובי החכמים והסופרים השתתפו בו, ועשיר הוא במאמרים העוסקים בשאלות היום, מאמרי מדע ומחקר השוים לכל נפש, שירים, ציורים, ספורים ופיליטונים, תולדות אנשי השם בישראל ותמונותיהם, ציורים נחמדים מאה"ק והשקפה על מקרי השנה. ידיעות שמושיות מועילות וכו' וכו' ולא נגזם כלל, אם נאמר, כי הלוח הזה כאחיו הקודמים, ובבחינה ידועה, גם יותר מהם, הוא מאסף ספרותי נכבד שערכו קים לדורות ומביא לקוראיו תועלת וענג גם יחד.

### וזה תוכן הענינים:

ד) נדחי ישראל, דר. ש. ברנפלד; ה) רזי לילה, שיר, ח. נ. ביאליק; ו) מרכז הכח, דר. ד. נוימרק; ז) הגיוני ליל, שיר, ש"ל גארדאָן; ח) הרבנות והציוניות, ש ראָזענפעלד; ט) מה-זאת? שיר, אבא שפירא; י) הסוציולוגיא של אחד העם, דר. יהושע טהאָן; יא) מספר השירים של הינה, י"ל ברוכוויץ; יב) לפנים והיום, פתגמים, דאזארקא; יג) מצבות זכרון, מ ל. ליליענבלום; יד) שבבים, (א. מפני קשט. ב. זקנה ושיבה. ג. תחת כבוד) א. שולמאָן; טו) עכו"ם שוטה, שיר, צ. שערעשעווסקי; טז) מכתב גלוי לד"ר ברדיצבסקי, מ. ז. פייערבערג; יז) למען ציון (אל צעירי עמנו), יוסף קלויזנער; יח) בית המדרש הישן, שיר, מ. מ. דאָ-ליצקי; יט) בא והולך, דר. ברדיצבסקי; כ) שיר הזורע, א. ליבושיצקי; כא) רוחות חדשות, שיר, א ליבושיצקי; כב) בין השמשות, יוסף קלויזנר; כג) התעודה והמולדת, זאב יעבץ; כד) האנוס, שיר, חושי הארכי; כה) בין איש לאשתו, ספור, א. ז. ראבינאָוויץ; כו) למנצח בנגינות, ספור, י. וואהל; כז) תשובה מספקת, שיר, מ. מ. דאָליצקי; כח) בין חשכים, ספור, א זינגר; כט) פלאי פלאים מכתם, מ. א. שווידינישקי; ל) שתי כרדיות ציור, צבי אלאטין; לא) בחלומי הנעים, שיר, י"ל ברוכוביץ; לב) צרור מכתבים, ספור, א. ש. פריעדבערג; לג) חלום, מזכרונות הילדות, א. לודוויפאל: לד) חזיונות לילה, מס' השירים של הינה, י. ל. ברוכוביץ; לה) רזי תעלומה, ע"ד פעולת ההיפנוטיזמוס, יעקב פרענקעל; לו) פרט כרמי, משלים, יהושע שטיינברג; לז) מצוה, רשימה, דוד פרישמאַן; לח) מי היא? *Cherchez la femme*, סעריה מאיר בן טוביה יונה המכונה סמבטיו"ן; לט) מעט פילוסופיה של לוח לשנת תר"ס, פיליטון, א. ל. לעווינסקי; מ) הרב רב פעלים, תולדות ר"ע הילדעסהיימער, ש. פ. ראבינאוויץ; מא) קלמן שולמאן, תולדתו; מב) מ. ז. פייערבערג, תולדתו; מג) דר. משה גסטר, תולדתו, מבש"ן; מד) פרופ. עמנואל מאנדעלשטאם, ר. בריינין; מה) מקצת שבחו בפניו, לתמונת הרב הד"ר י"ל קאנטאר, י. א. טריוואש; מו) כרוניקה עברית, (מן ניסן תרנ"ח עד ניסן תרנ"ט), רוסיה, פקודת הממשלה, פסקי הסינאט, ארץ ישראל, אשכנז, אויסטריא-אונגריה, צרפת ומושבותיה, אנגליא, ארצות הברית, תוגרמה, שווייץ, רומניה, סרביה. בולגריה, פרס ספירות, הצטיינות היהודים בחכמה וכו'; מז) הזכרת נשמות; מח) ביבליוגראפיה, ספרים חדשים, י. ח. זאגאראדסקי; ידיעות שימושיות: חקי בי-הדואר בצירוף התקים החדשים שהונהגו מן ח' מאי, חקי התלגרף, חקי מסה"ב ומחיר המסע במסה"ב וכו' וכו'.

אל הלוח נספחו התמונות והציורים האלה: א) הר' ר' עזריאל הילדעס-חיימער; ב) קלמן שולמאן; ג) מ. ז. פייערבערג; ד) הרב ד"ר מ. גסטר; ה) פרופ. ע. מאנדעלשטאם; ו) דר. י"ל קאנטאר; ז) הזמירה בכרמי המושבה „רחובות"; ח) תלמידי ביה"ס ב„רחובות" לפני שער הכבוד לכבוד הנדיב הידוע,

---

## הקונגרס הציוני השלישי.

מפני כי בשנה זו נועד זמן הקונגרס קרוב לר"ה ואי אפשר היה לעכב הוצאת הלוח עד אחר הקונגרס באופן שנוכל לתת בו מקום לדין וחשבון ע"ד הקונגרס השלישי, ע"כ החלטנו להוציא בשנה זו

מחברת שלמה מיוחדת ע"ד הקונגרס הציוני השלישי

כתובה בידי סופרנו המיוחד אשר בבאזל ואת המחברת הזאת

### יקבלו חנם כל קוני הלוח

מיד אחרי צאתה נגד תלוש המצורף לכל לוח.

מחיר הלוח 1 רו"כ, עם פארטא 1,26 ר'

מכורך 1,40 רו"כ, ועם פארטא 1,66 ר'

באוסטריה 1,25 פלארין ועם פארטא 160 פלורין

**Verlag „ACHIASAF" Warschau.**

I. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 18.

# דער יוד

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך־אונגארען —.5 פלארין.
האלביאהריג 2,60 „
פערטעליאהריג 1,35 „
דייטשלאנד 8,50 מארק.
ארץ ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.12 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילונג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
נור יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 „
דען 1טען סענטיאבער — 1 „
יעדע איינציגער נומער קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

פערלאג: חברה „אחיאסף". ערשיינט 2 מאל מאנאטליך. רעדאקטער: י. ח. ראבניצקי.

נומער 18. וויען — קראקויא, תשרי תר"ס — סעפטעמבער 1899. ערשטער יאהרגאנג.

## יודישע טעכטער.

I.

שוין 20 יאהר אז עס האט זיך אנגעהויבען א נייע בעוועגונג אין דער יודישער וועלט. מיט צוויי צעהנדליג יאהר צוריק האט מען אנגעהויבען שטארק שמיעסען פון ישוב ארץ־ישראל אינ'ם נייעם זינען און מען האט באלד טאקי גענומען טהון די הויכע אידעע צו פערווירקליכען אין לעבען. חבת־ציון, דער הייליגער פונק ליעבע צו ציון, וואס ליעגט פון אייביגע יאהרען טיעף בעהאלטען אין יעדער אמת־יודיש הארץ, איז אין פיעל הערצער דורך פערשיעדענע ווינטען אויפגעבלאזען געווארען אין א העל לעבעדיג פייעריל, וואס ווארעמט די יודישע נשמה און מאכט ליכטיג אין יעדען אבר. נאך א לאנג „פערבלענזעניש" האבען זיך ביי א טהייל פון אונזערע ברידער געעפענט די אויגען ארויסצוזעהן די יודישע לאגע פון פערשיעדענע זייטען און זיי זענען געקומען צו דער איבערצייגונג אז דאס גאנצע לעבען אונזערס איז נישט נורמאל, נישט נאטירליך, און אויפצולעבען דאס יודישע פאלק, אויפצופרישען עס צו א נייעם געזונדען לעבען, איז דא נור איין מיטעל — ישוב ארץ ישראל. פאר א געוויסע טהייל חובבי־ציון איז דער נייער געדאנק די ערשטע צייט געווען נישט אזוי קלאר, אנדערע האבען אין דעם גענומען לערנען גאר זייטיגע פירושים, נאר וואס ווייטער איז די זאך געווארען אליין קלערער און פערשטענדליכער, און די וואס האבען זיך אין דעם עוסק געווען האבען מיט דער צייט פערשטאנען אז דא האט מען צו טהון מיט א גרויסען בנין, וואס נישט איבער נאכט קען ער פארטיג ווערען, א בנין וואס פאדערט גענוג מיה און כוחות פון פיעל דורות, און וואס יעדער יוד איז מחויב צוטראגען דערצו א שטיינדיל, א זעמדיל, ווי ווייט ער קען.

און די חובבי־ציון האבען מעהר צי ווינציגער געטהון אין דער זאך. אין וויפיעל יודישע שטעדט און שטעדטליך איז געגרינדעט געווארען חברות אויף ברענגען נוטצען דעם נייעם ישוב, מען האט געמאכט אפטע אסיפות, געקליבען געלד אויף שטיצען די קאלאניסטען און פועלים אין ארץ־ישראל, דעם בית־הספר אין יפו, געוועקט דעם עולם מיט דרשות און ביכליך אד"ג, הכלל מען האט געזעהן עפיס טהון, עפיס ארבייטען. אמת, צווישען די „טהוער", די „ארבייטער", איז געווען א געוויסע טהייל וואס האבען זיך גלאט אזוי אנגערופען חובבי־ציון, מענשען וואס האבען די אידעע גאר נישט אנגעהויבען צו פערשטעהן און טאקי מיט איהר ווינציג שייכות געהאט, וואס זענען צוגעשטאנען צו דער נייער בעוועגונג ביי יודען גלאט אבי צו זיין חברה־לייט, שטעהן אין מיטען, טאנצען אין קאן, זאגען א דעה און לאזען זיך הערען אויף דער וועלט... דערפאר אבער וויפיעל זענען געווען אמת'ע חובבי־ציון, ערענסטע אהן שום זייטיגע פניות, וואס זענען געווען אינגאנצען איבערגעגעבען דער פאלקס־זאך טאקי מיט לייב און לעבען און געארבייט פאר איהר בתמימות מיט'ן גאנצען הארצען, נישט געקארגט קיין צייט מיט מיה ווען די זאך האט פון זיי געפאדערט. אזעלכע ריינע, כשר'ע נשמות, אמת'ע אידעאליסטען, האט מען געקענט געפונען נישט ווינציג צווישען די חובבי־ציון, יונגע לייט און עלטער'ע יודען.

„ואשה בכל אלה לא מצאתי" — און קיין פרויען מיטהעלפע־ אין אונזער פאלקס־זאך האט מען די גאנצע צייט נישט געקענט געפונען, סאי אין די גרויסע שטעדט סאי אין די קליינע שטעדטליך, מע זאל זוכען, ווי מע זאגט, מיט ליכט. דער נאמען „חובב־ציון" איז אין דער צייט שטארק בענוצט געווארען אין שמועס, אפילו פון די וואס קענען נישט קיין העברעאיש, אבער גלייך ווי „חובב" האט גאר נישט קיין מין נקבה — חובבת־ציון לענט זיך עד־היום נישט אויף דער צונג, ווייל ס'איז גאר קיינמאל נישט אויסגעקומען דאס בענוצען, ווי א זאך וואס איז גאר אויף דער וועלט נישטא. ארבייטען פאר ישוב ארץ־ישראל, טהוען וואס עס איז פאר אונזער פאלק עס זאל קענען קומען צו־זיך און אויפלעבען צו א נייעם לעבען — אזא מין ארבייט האבען אונזערע יודישע פרויען נישט פערשטאנען און גאר נישט געוואלט פערשטעהן אויף וואס נוטצט עס, צו וואס טויג אוועקלעגען אויף דעם כוחות. „שעשני כרצונו" — די דאזיגע שטענדיגע ווייבערשע ברכה האבען זיי בעזאנדערס געמאכט אויף אלעם וואס עס געהער זיך אן מיט אונזערע פאלקס־אינטערעסען: לאז געהן ווי עס געהט זיך, מע קען נישט און מע דארף נישט אנדערש מאכען. ישוב ארץ־ישראל איז געווען ביי זיי אין די אויגען נישט ווי א מצות־עשה וואס די צייט פאדערט עס און פרויען זענען אויך מחויב, אזוי ווי מענער, זי מקים צו זיין און נעהמען אין איהר א גלייכען חלק. ניין, ס'איז ביי זיי פעררעכענט געווען גאר נישט פאר קיין מצוה; פערקעהרט, מע מעג זאגען אז זיי האבען עס גערעכענט גאר פאר א גרויסע עבירה — איין עבירה דאס געלד וואס עס קאסט־אפ, איין עבירה די מיה און די צייט וואס די מענער געבען צוליעב דעם אוועק, אזוי אז כמעט יעדער חובב־ציון האט אין דער היינזיכט געפונען אין זיין פרוי נישט קיין „עזר" נאר א שטארקען „כנגדו", וואס האט שטענדיג געהאט אקעגען דעם פאר וואס ער, דער מאן, האט זיך אריינגענומען אין קאפ עפיס א „מאנקאליע" און גיט זיך אפ מיט אזעלכע „פיסטע זאכען", פון וועלכע קיינעם קען גאר נישט ארויסקומען...

און דאס זעלבע זעהען מיר אויך גאר אין די לעצטע יאהרען אין דער נייער בעוועגונג פון ציוניזם. דער ציוניזם, בעזאנדערס נאכ'ן ערשטען קאנגרעס, האט שטארק אויפגערידערט אונזער יודיש וועלטיל און האט געווירקט מיט א גרויסער אנציהונגס־קראפט אויף פיעל פון אונזערע ברידער, וועלכע זענען ביז דאמאלס געשטאנען ווייט פון ציון און האבען זיך מיט די פריהערדיגע „פאלעסטינצעס" גאר נישט אנגעקעהרט. אין אלע שטעדט, אין אלע קלאסען זענען געווארען נייע ציוניסטען, וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט קלויבען שקלים און אקציען, מיט מאכען

אסיפות און האלטען רעדעס פאר'ן פאלק ..."נ. פערשטעהט זיך, אז צווישען די ציוניסטען, וואס זייער צאהל איז פיעל גרעסער פון די חובבי־ציון, איז נאך גרינגער אנצווייזען אויף אזעלכע וואס טראגען נור אויף זיך א הוילען צו־נאמען, גלאט אויסענווענינגסטע סימנים, אהן א ממש, אהן א תוך, יונגע־לייטליך וואס זענען גרויסע בעלנים נור צו רעש'ען זיך צווישען עולם און ווייטער זענען זיי גאר נישט אויסען; אבער וויפיעל אקעגען זענען דא ערענסטע און טיכטיגע ציוניסטען, וועלכע זענען באמת איבערגעגעבען זייער אידעאל מיט דער גאנצער נשמה און זענען תמיד גרייט צו ארבייטען איבער די כוחות.

ווי האלט עס אבער מיט אונזערע יודישע פרויען? אליין אויף איין אופן, נישט בעסער ווי פריהער. די נייע, שטארקע בעוועגונג האט אויך נישט קיין קראפט איינצונעהמען די פרויען־הערצער אדער אפילו צו מאכען אויף זיי חאטש עפיס א ווירקונג. דער ציוניזם האט, אמת, אויפגעריהרט א וועלט, אבער נור די מענער־וועלט; די פרויען־וועלט איז געבליבען אונבעריהרט און וויל נישט וויסען פונ'ס ציוניזם אזוי ווי זי האט נישט געוואוסט פון חבת־ציון. אין דער "יודישער גאס" רוישט זיך, מע מאכט אסיפות, מע האלט פייערדיגע רעדען, מע קלויבט אקציען אויף א "יודישער קאלאניאל־באנק", מע קלויבט דעלעגאטען אויף "יודישע קאנגרעסען", עס האבען זיך אויפגעריהרט יודישע הערצער, עס האבען אויפגעלעבט יודישע האפנונגען, און זיי, די "יודישע טעכטער" אונזערע (אויסער א קליינע אויסנאהמע, וואס איז גלייך ווי גאר נישט), ווילען נישט הערען, ווילען נישט זעהן, די אלע זאכען קעהרען זיך מיט זיי גאר גישט אן, גלייך ווי דאס אלעס וואלט זיך געטהון נישט אין דער יודישער וועלט נאר ערגיץ ביי א ווילדע אומה אונטער די הרי־החשך. אפילו אין די ערטער, וואו דער ציוניזם איז געווארען ווי א מאדע־זאך, זענען אויך פון דעם גאר ווייט געבליבען די ווייבער, וואס אין אנדערע זאכען האבען זיי, ווי מע ווייסט, בטבע גאר נישט פיינט נאכגעהן דער מאדע... אזוי אז ביז איצט קען מען ווייזען א פרוי א "ציוניסטין" טאקי נור אויף הידושים, און דער וואס זעהט דעם "גאטס־וואונדער" מעג מאכען א "שהחינו"...

וואס איז אבער די סבה פון אזא מין טרויעריגע ערשיינונג? פון וואנען נעהמט זיך עס וואס דער "שוואכער מין" ביי אונז יודען האלט זיך אזוי שטארק אקעגען די נייע פאלקס־בעוועגונגען אין דער יודישער וועלט און וויל גאר נישט אנהייבען צו וויסען פון עפיס טהון, עפיס מיטהעלפען אין אונזער פאלקס־זאך?

אמת, אונזערע "פרויען־געגנער" קענען אויף דעם זעהר גרינג געבען, נאך זייער מיינונג, גאר א פשוט'ען תירוץ, אז זיי, די פרויען, קעהרען זיך איבערהויפט גאר נישט אן מיט כלל־זאכען, מיט עפיס־איז וואס שמעקט מיט אידעאל; די גאנצע וועלט זייערע בעשטעהט נור אין דעם ענגען קרייז פון קליינע אינטערעסען, פון שטוב־ און טואלעט־זאכען און דעסטגלייכען, און אויף עפיס "העכערע ענינים" האבען זיי גאר קיין השגה נישט...

מען דארף אבער האבען גאר א שלעכטע מיינונג פון אונזערע פרויען אז מע זאל זיך קענען בעגניגען מיט אזא מין ענטפער. נישט דא איז דאס ארט צו נעהמען אויסווייזען ווי ווייט די ביטערע תשובה איז נישט גאר קיין אמת'ע. אלענפאלס אויף צו געבען א ריכטיגע תשובה אויף אונזער שאלה איז גאר נישט נייטהיג אריינצולאזען זיך אין א טיעפע חקירה איבער די "פרויענפראגע"; מע דארף נור בעטראכטען די זאך מיט אפענע אויגען איז גאר גרינג ארויסצוזעהן פון וואנען עס נעהמט זיך וואס א יודישע טאכטער, זי מעג זיין אפילו די גרעסטע "אידעאליסטין", שטעהט ווייט פון אלטען חבת־ציון און פון נייעם ציוניזם.

די סבה איז גאר פשוט: זי, די יודישע טאכטער, שטעהט ווייט פון יודישע אידעאלען בכלל און האט מיט זיי קיין שום שייכות.

אז מיר וועלען בעטראכטען פאר וואס דאס איז אזוי, וועלען מיר שוין ממילא קלאר ארויסזעהן דאס איינציגע הויפט־מיטעל וואס מע מוז בענוטצען דערצו, אז די זאך זאל ווערען אנדערש און אונזער פאלק זאל האבען אמת'ע "יודישע טעכטער". ר.

---

# די צעלניקערין.

שבת פאר נאכט...

די זון האט זיך שטארק געקעהרט צו מערב־זייט. זי איז זיך געגוג אנגעגאנגען פאר דעם גרויסען זומערדיגען טאג, שוין צייט צו געהן אין איהר רוה. נאר די לופט איז נאך זעהר הייס. דעם גאנצען טאג איז געווען אזוי פארנע. קיין רעגען איז א צייט שוין ניט געגאנגען; די געלבע גראז קוקט ארויס אזוי דארשטיג, פערשמאכט, און די פערשטויבטע בוימער אזוי פער'חלשט!

וואו עס איז, אין א יודיש שטעטיל, זיצט מען אודאי און מע עסט שלש־סעודות, אדער מע זאגט פרק. אאנדערער זאגט גאר תהלים מיט כונה און מיט א זיסען בנעימות'דיגען ניגונ'לע, וואס צעגעהט איבער אלע גלידער און ערהויבט אזוי די נשמה. . . נאר אין דיקאנקע איז דערפון ניטא קיין זכר. דארטען איז די וואך געווען א יריד און א יריד אין מאלאראסיע איז דוהה שבת... בפרט אז עס איז דער לעצטער טאג פון יריד. אונזערע פשוטע יודען און יודענעס האנדלען, מע וועגט, מע מעסט, מע טהוט אלעס ווי אין א וואכענדיגען טאג...

פאר נאכט איז שוין דער יריד אראפ. דער פלאטץ איז שוין געווארען כמעט ליידיג. דער רעכטער עולם איז זיך שוין צופאהרען. די פריקאשציקעס זענען געזעסען אויפ'ן גאניק, ווער אויף א בענקיל, ווער אויף א קעסטיל. א גרויסער קופערנער טשייניק איז געשטאנען אויף א הויכען קאסטען און אלע האבען פון איהם געצאפט און געטרונקען, געשוויצט און געזאגט גלייכווערטליך.

די חברה פריקאשציקעס, כמעט אלע יונגע לייט, מייסטענס בחורים, זענען אימער לוסטיג, צי מען לעזט צי מען לעזט ניט, גלייכווערטליך שיטען זיך ווי פון א "פוסטען מיהל", און אלע קוועלען. אמת, אפטמאל, ווען זיי קערען זיך אום פון יריד אהיים, לייזען זיי דארט אפ פון זייערע בעלי־בתים דאס, וואס זיי האבען ניט געלייזט אופ'ן יריד... נאר דערווייל דארף מען לעבען, און פרעהליך זיין...

אנטקעגען שטעהען די צעלניקערינס (פרויענצימער וועלכע האנדלען מיט גאלאנטעריי) און לעגען־צונויף זייערע סחורה. אויפ'ן הארצען איז אומעדיג. היינטיגס יאהר איז דער דיקאנקער יריד געווען גאר א ביטערער. מע האט גענוג געריסען דעם גארגעל און געקנעלט מיט די וויסטע קונים, געקריגט און געזידעלט זיך מיט די שכנים, געשווארען, געשאלטען. עסען, ווער עסען, די היטי'ן איז גרויס, עס ברענט אויס די געדערים און עס איז גאר ניטא מיט וואס צו לעשען. די סחורה האט מען צעווארפען, צעפאצקעט, געמאכט א תל, אבער פערקויפט האט מען גאר נישט. גליקליך איז נאך געווען יענע וואס האט חאטש געלייזט אויף דער הוצאה. אנדערע האבען נאך געדארפט לייען אוף פוהר־געלד.

און מיט וויפיעל האפנונגען איז מען געפאהרען אוף דעם יריד! א קאטאוועס עפיס דיקאנקער יריד! אוף איהם ריכט מען זיך דאך א האלב יאהר. יעדערע פון זיי האט געבויט אין איהר פאנטאזיע גאנצע פאלאצען. יעדערע האט אוף דעם יריד אנגעהאנגען איהר גאנצען בטחון. יעדערע האט גערעכענט אויף דעם יריד אפלייזען אויסער פאר די פרישע, נאך אויך פאר די פארלעגענע סחורה. זי וועט אפגעבען א פינפעריל דעם סוחר, און א דרייעריל דעם אנדערען סוחר, ווי מע זאגט: פארווארפען דעם־יענעם די אויגען, אז מע זאל ניט רייסען פאר די פאלעס. דערצו וועט גאט געבען, וועט מען קענען אריינהאפען א קליידיל פאר זיך, פאר די קינדער. מע איז דאך אזוי הויל־נאקיט, עס איז ניטא פון וואס אפצורייסען אוף א בגד און מע לאטעט און לאטעט, חאטש ס'איז שוין ניטא וואס צו לאטען. נאר פון די אלע האפנונגען האט זיך גאר נישט אויסגעלאזט, עס איז געבליבען אינגאנצען די אלטע סחורה מיט די אלטע צרות...

און צרות האט יעדערע — אוי, וואס פאר א פעקיל! קוקט זיך צו צו יעדער איינציגער פון זיי, וועט איהר זעהען אין זייערע פארברענטע פארקנייטשטע פנים'ער א הארצרייסענדיגע טראגעדיע, וואס מע קען זיך קוים פארשטעלען. אט די אויסגעשליפענע ציינגען, מיאוסע מיילער, ברענענדיגע אויגען, גנב'ישע תנועות — דאס האט אלי'ן אויסגעלערנט דער

הונגער און דער נויט, די שרעקליכע רָבִּיים וואָס מאַכען דעם מענשען פּעהיג צו אַליץ, צו אַלע עבֵרוֹת אין דער וועלט...

דאָס רוב צעלניקערינס זענען אַלְמָנוֹת, וואָס האָבען נאָך צו עטליכע יְתוֹמִים. קיין מאַן קענען זיי ניט נעמען, וואָרום ווער וועט נעמען אַ ווייב, מיט עטליכע קינדער ? קיין יְרוּשָׁה האָבען די מאַנען זיי ניט געלאָזט אויסער פּעקליך צָרוֹת, און זיי דאַרפען איצט אַליין טראָגען די פּעקליך, אַליין האָרעווען, פּערדינען דאָס שטיקעל ברויט פאַר זיך און פאַר די קליינע קינדער. אייניגע פון זיי איז נאָך ערגער אידער אלמנות, — עֲגוּנוֹת, וואָס די מאַנען זענען אוועק זוכען גליקען אין אַמעריקאַ. צי זענען זיי דאָרט גליקליך געוואָרען צי ניט — איז שווער צו וויסען, נאָר דאָס איז נעוויס, אַז זייערע ווייבער מיט די קינדער זענען אונגליקליך. און אויסער די אלמנות מיט די עגונות איז דאָ אַזוינע וואָס זיי איז נאָך ערגער, דאָס הייסט אַזעלכע וואָס די מאַנען זייערע זענען טוינעניכטסען, שאַרלאַטאַנעס, וואָס פרעסען און זויפען פון זייערע פרויענס האָראָוואַניע, וואָס פּטר'ען דעם לעצטען גראָשען, וואָס זייערע ווייבער פּערדינען, און דערצו מאַכען זיי סקאַנדאַלען און פערוויסטען זייער פאַמיליע.

אין האָטש יעדערע האָט זיך איהר פּעקיל, פון דעסטוועגען האָט די פרעהליכקייט פון די פריקאַשציקעס געווירקט אויך אויף די צעלני־קערינס, זיי הערען פון ווייטען די גלייכוועדטליך און שמייכלען אויך צו. אַמאָל גלייכווערטלען זיך די פּריקאַשציקעס טאַקי אויף דעם רעכנונג פון די צעלניקערינס, אָפט זענען די גלייכווערטליך גראָבע, זעהר מיאוסע, נאָר די אָרימע צעלניקערינס זענען ניט קיין אויסקלייבער. ווי זענען צופרידען אַז זיי פערדינען וואָס עס איז אויפמערקזאַמקייט. עס איז טאַקי ביטער און פינצטער זייער וועלטיל, נאָר מע איז דאָך פאָרט נאָך אַ לעבעדיגער מענטש, דאָס אויג טהוט אַ קוק אין דער זייט און האָט הֲנָאָה גאָר ניט וועלענדיג. די צרות ווי זיי זענען ניט גרויס, ווערט דער מענש צו זיי ווי ניט איז געוואָהנט, און עס ווילט זיך אַ שמייכעל טהון, אַ לאַך טהון גלייך מיט אַלעמען...

נאָר איין צעלניקערין, אַ אַלט, דאַר מיידיל, איז געזעסען פערקלערט אומעדיג. זי האָט, ווי עס ווייזט אויס, גאָר ניט געהערט און ניט געזעהן אַליץ, וואָס עס טהוט זיך אַרום איהר. איהר פינסטערער בליק איז געווען געווענדעט צו איהר קעסטיל סְחוֹרָה וואָס זי האָט צונויפגעלעגט, נאָר איהרע געדאַנקען זענען געווען גאָר ווייט פון דעם.

זי רופט מען חינה, אַ טאָכטער פון אַ אַלטען גְמָרָא־מלמד, ר' העשיל תָּא־שְׁמַע. אַמאָל איז ר' העשיל געווען אַ גרויסער חָשׁוּב, ער האָט געהאַט דאָס גרעסטע קנעלונג, יעדערער האָט געוואָלט האָבען די זְכִיָה אַז זיין קינד זאָל לערנען ביי ר' העשל'ן. פנחס דער ישניידער, אַ יוד אַ עוֹשֶׁר, האָט אַנגעלייגט די וועלט צו זוֹכֶה זיין אַז דער בן־יָחִיד'ל זיינער זאָל זיין ר' העשיל'ס אַ תלמיד. זיין ר' העשי'לס אַ בַּעַל־בַּיִת איז געווען אַ מַעֲלָה צו אַ שִׁדוּך און אַמאָל אויך אַ סְגוּלָה צו קרעדיט...

ר' העשיל איז געווען אַ גרויסער "בַּר־דַעַת" אין חֲסִידוֹת, אַ גרויסער גְמָרָא־לַמְדָן און דערצו, ווי מע זאָגט, אַ "לאַנד־חָכָם". מיט זיינע וויטצען האָט מען זיך אַרומגעטראָגען און געקוויקט די נְשָׁמָה. מִתְנַגְּדִים האָט ער שטאַרק פיינד געהאַט, און האָט אויף זייער זייט געשאָסען מיט זיינע שאַרפע שטעכיגע וויטצען.

דאַמאָלס איז געווען אַ לעבען ביי ר' העשל'ן אין שטוב. אַלע שַׁבָּת, אַלע יום־טוב, עפּיס אַ יוֹמָא־דְפַגְרָא; איז געווען ביי איהם לוסטיג און פרעהליך, עס פלעגען זיך צונויפקלייבען חֲסִידִים, געגומען אַביסעל מַשְׁקֶה און געמאַכט אַ ריקוּד'יל, עס איז גיוועזן חַי־גילעבט. קיין געלט האָט ר' העשיל קיינמאָל ניט געהאַט, אפילו ווען ער האָט געהאַט די גרעסטע קנעלונגס, וואָרום זיין שטוב איז געווען אַ אַכְסַנְיָא פאַר אַלע אָרימע און רייכע חסידים, וואָס האָבען ביי איהם געגעסען און געטרונקען אָהן שום געצאָהלט.

נאָר דאָס איז געווען אַמאָל, שוין גאַניץ לאַנג. מיט דער צייט האָט זיך אַלץ אומגעביטען. ר' העשיל'ס קורס איז אַראָפּ און אַראָפּ. מע האָט אויפגעהערט צו פרעגען וועגען אַ גמרא־מלמד, אַ גמרא־מלמד איז גאָר געוואָרען אַ אָפּגעשלאָגענע הוֹשַׁעְנָא, אָדער אַ אַלטער לוּחַ. אַפילוּ די וואָס לערנען שוין יאָ זייערע קינדער כְּלוֹמַר'שט יודיש, זוכען זיי עפּיס נייע מלמדים "העברייער". אמת, ר' העשיל איז געווען אַ גרויסער בעל־תנ"ך און האָט געוואוסט דִקְדוּק, נאָר ער האָט דאָך ניט געקענט זיך רופען מיט דעם נאָמען "העברייער".

ר' העשיל מיט זיין שאַרפען דורכדרינגענדען בליק האָט געזעהן דורך און דורך זיינע נייע קאָנקורענטען. יונגע־לייטליך וואָס האָבען דורכ־געלייענט צוויי, דריי ביכלעך, אָהן תּוֹרָה און אָהן יִרְאַת־שָׁמַיִם און האָבען זיך גענומען ערציהען דעם יונגען דור... מע קען זיך פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ דור עס קען שוין זיין !...

— נו און די אַלטע, די פאַרשמאַלצענע מלמדים זענען געווען גוט ? — האָט אַ פרעג געטהון איינער פון די משכילים ביי ר' העשיל'ן אַז עס איז געקומען צום וואָרט.

— נו הייסט דאָס אויסגעביטען אַ בלינד פערד אויף אַ הינקעדיגער שקאַפּע — האָט ר' העשיל געענפערט.

ווי די זאַך איז, ר' העשיל איז געבליבען איין "אַטסטאַוונאַי" מלמד מיט "פראַוועס" אויף קהל'שע תַּכְרִיכִים מיט אַ שענעם אָרט אויפ'ן בֵּית־עוֹלָם, נאָר דערווייל לעבען האָט ער ניט געהאַט פון וואָס. אין גיכען איז ביי איהם דאָס ווייב געשטאָרבען, און ער איז געבליבען נאָר מיט חינה זיין טאָכטער, וואָס איז שוין געווען פון שענע עטליכע יאָהר אַ בּוֹגֶרֶת. ווי זיי האָבען געלעבט געמיין, האָבען זיי דאָך געדאַרפט צום ווינציגסטען 15 רובל אַ חֹדֶשׁ, און פון וואַנען זאָל מען דאָס נעמען ? אמת, פאַר חינה'ן האָט זיך געווען געמאַכט אייניגע שִׁדוּכִים, נאָר זי האָט ניט גע־וואָלט הערען, זי האָט ניט געוואָלט צושיידען זיך מיט איהר אַלטען, שלאַפען פאָטער.

חינה האָט זיך מְיַשֵּׁב געווען און איז געוואָר'ען אַ צעלניקער'ין. סחורה האָט מען איהר גענעבען אויף אַ רובל דרייסיג און זי האָט אָנ־געהויבען אַרומפאָהרען אויף ירידען. דער פאָטער האָט אויך וויפיעל עס איז פערדיענט. אין איינעם איז דאָס געווען גיש־קָשֶׁה, כֹּחַ געהאַט צו זיין אָרימע לייט. נאָר דאָס לעצטע יאָהר איז געווען זעהר אַ שלעכטס. אַ גאַנ'ץ ווינטער האָט געגאָסען רעגענס און מע האָט ניט געקענט ניט פאָהרען אין ערגיין און ניט פאַנאַנדער־לעגען די סְחוֹרָה. און זומער איז אויך געווען ניט בעסער, די ירידען זענען געווען תֹּהוּ־וָבֹהוּ — פוסט און לעער, און "מע האָט געלייזט קְדָחַת".

דערום האָבען אַלע צעלניקערינס אין חינה אויך בִּכְלַל, געהאָ־ט אַזוי שטאַרק אויף דיקאַנקער יריד. דער יריד איז בעריהמטער פון אַלע ירידען: אפילו די קלענסטע צעלניקער'ין לייזט אויף איהם ניט וועניגער פון דרייסיג רובל, און אין צעלניק איז דאָך פַּרְנָסָה, אַז גאָט העלפט, האַלב אויף האַלב. נאָר צום סוֹף, האָט דער גרויסער מְיוּחָס, דער דיקאַנ־קער יריד, אויך גאָר נישט געגעבען.

דער לעצטער טאָג פון יריד איז געווען שבת. אַלע צעלניקערינס, ווי געוועהנליך, האָבען פאַנאַנדער־געלעגט זייערע סחורה, ווי אין דער וואָכען. זיי זענען שוין אַלע געוואָהנט צו מְחַלֵל־שַׁבָּת זיין. אמת, ליכט־בענטשען היטען זיי שטאַרק, אפילו ווען זיי פאָהרען ווינטער אין וועג און עס קומט פרייטאג פאַר נאַכט, קריכט מען אַראָפּ פון וואָגען, מע שטעקט אַריין די קליינע לעכטליך אין שנעע, מע צינדעט זיי אָן מיט אַ בְּרָכָה, און מע פאָהרט ווייטער. די ליכטליך האָבען וויפיעל מאָל געבראַכט די פויערען צו שרעק, אַז זיי האָבען פלוצלונג דערזעהן עפּיס אין שנעע ברענען ליכט... נאָר מיט די ליכט זענען די צעלניקערינס שוין יוצא אין גאַנצען. וואָס צו גאָט איז צו גאָט און וואָס עס איז שַׁיָיך צו פַּרְנָסָה דאַרטען איז גאָט קיין מְחוּתָּן ניט... און מע "האַנדעלט און וואַנדעלט", מע מעסט און שניידט, אַזוי ווי אַלע טעג פון דער וואָך.

(ענדע קומט)

א. ז. ראַבינאָוויטש.

---

## רַמְבַּ"ם

### אַ קורצע לעבענסבעשרייבונג.

איינער פון די גרעסטע מעננער ביי יודען, וואָס האָבען אויפגע־האַלטען און אויסגעבילדעט אונזער יודענטום איז געוועזען דער רמב"ם, וואָס האָט געלעבט מיט זיעבען הונדערט יאָהר צוריק. ער האָט געווירקט

אויף יודען און אויף דעם יודישען לעבען מעהר פון אלע רבנים און גאונים, וואס האבען געלעבט אין זיין צייט און פיעל יאהרען נאך איהם.

נאר כדי צו פערשטעהן דעם רמב"ם אליין און אלעס וואס עס האט א שייכות צו איהם, מוזען מיר אין קורצסטען פארשטעלען זיך די יודישע קולטור־געשיכטע ביז דעם רמב"ם.

ביי אונז יודען, זינט מיר עקסעסטירען אויף דער וועלט, פון דער צייט אן וואס מיר זענען געווארען א פאלק ביז היינטיגען טאג, האבען זיך אויסגעארבעט גרויסע מענשען, וואס האבען אונז געלערנט שענע מדות, גוטע זיטען, האבען געוועקט אין אונזער פאלק הייליגע געפיהלען, האבען צוגעלעגט גרויס מיה און התפעלות צו בילדען דאס פאלק, צו פארברייטען צווישען יודען תורה און חכמה.

די עלטעסטע און געטרייעסטע לעהרער אונזערע זענען געוועזען די גרויסע נביאים: משה־רבנו, שמואל, דערנאך ישעיה, ירמיה און יחזקאל. אז מיר זענען געקומען פון גלות בבל צוריק אין ארץ־ישראל האבען די אנשי כנסת־הגדולה געארבייט זעהר ערנסט צו פערברייטען און צו ענטוויקלען ווייטער צווישען יודען תורה און מוסר. נאך זיי האבען מיר געהאט די גרויסע חכמים, וואס האבען ווייטער אויסגעבילדעט אונזער תורה און האבען אונז געלאזט נאך זיך זעהר א טייערע ירושה — משניות.

נאך די חכמי־המשנה, די תנאים, זענען געוועזען די אמוראים, וואס האבען אויסגעארבעט און פערברייטעט די משנה און האבען אונז געלאזט די גמרא. די משנה מיט דער גמרא צוזאמען רופען מיר תלמוד.

דער תלמוד עקסעסטירט ביי אונז יודען עד היום, און אויף איהם זענען ערצויגען געווארען הונדערטער דורות יודען, אין אלע ערטער וואו זיי האבען געוואהנט.

ער, דער תלמוד, מיט אלע זיינע שטרענגע הלכות און ערהאבענע אגדות, האט אויפגעהאלטען אונזער פאלק ישראל אין אלע זיינע צייטען. איז דעם יודען געוועזען גוט אין פרעהליך, האט ער געלערנט פריי דעם תלמוד מיט גרויס שמחה. איז איהם געווארען שלעכט, מע האט איהם געיאגט פון איין ארט אין דעם אנדערן, מע האט איהם אנגעטהון אלערליי ענוים קשים, האט ער געלערנט מיט גרויס נויט, מיט א ביטערן קול, אבער פארט געלערנט, און געפונען א נחמה אין אונזער הייליגער תורה, וואס איז פערוויקעלט אין א סך וויקלען אין אונזער הייליגען תלמוד. ווען ניט דער תלמוד, קען זעהר מעגליך זיין, אז פון אונז יודען וואלט שוין לאנג קיין שריד־ופליט נישט געבליבען: ער האט אונז ערהאלטען אין אלע אונזערע גליקליכע און אויך אונגליקליכע אומשטענדען, און אונז געמאכט פאר א עם־עולם, א אייביג פאלק.

נאך די חכמי־הגמרא, די אמוראים, האבען די שפעטערע חכמים פון ארץ־ישראל און פון בבל נאר ערקלערט איינינגע ערטער פון דעם תלמוד, זיי האבען געזאגט זייערע סברות און טראגען דעם נאמען רבנן־סבוראי.

נאך זיי זענען געוועזען ביי יודען גרויסע גאונים, וואס האבען געלאזט נאך זיך שאלות־ותשובות וועגען אלערליי דינים און מנהגים. דער גרעסטער פון די גאונים, דער גאון רבי סעדיה איז אויך געוועזען איינער פון די בעריהמטע פילאזאפען אין זיין צייט. נאך דעם לעצטען גאון אין בבל, רבי האי גאון, און געווארען יודען אין דעם דאזיגען לאנד, וואו זיי זענען אבגעזעסען כמעט טויזענד יאהר, זעהר שלעכט, פון די אראבישע פאנאטישע קיסרים. מע האט ביי זיי אבגענומען זייער פרייהייט, מע האט פערמאכט די גרויסע יודישע ישיבות און אקאדעמיעס, מע האט זיי אנגעהויבען זעהר צו דריקען, און עס איז זיי געווארען דארט זעהר פינסטער און ביטער.

אט צו דער דאזיגער צייט, צום צעהנטען יאהר הונדערט למספרם, האט אנגעהויבען צו שפיעלען דאס גליק אונזערע יודען אין שפאניען: אין דעם דאזיגען לאנד האבען די מהמדנישע כאליפען געגעבען אונזערע ברידער פאלקאמענע רעכטע. יודען האבען זיך גענומען זעהר הייס צום לערנען, און די יודישע תורה, די יודישע ליטעראטור, די יודישע פאעזיע און די יודישע חכמה בכלל האבען זיך ענטוויקעלט זעהר שטארק. פון יודישע לייט זענען ארויס גרויסע פאליטישע קעפ, ווי חסדאי־אבן שאפרוט, שמואל הנגיד וכדומה; גרויסע פאעטען, ווי שלמה בן גבירול און ר' יהודה הלוי; גרויסע תלמודיסטען, ווי דער אלפסי, און גרויסע פילאזאפען ווי דער אבן־עזרא. נאר מעהר ווירקונג פון אלע אויף יודען און יודענטום האט געהאט דער רמב"ם, וואס האט געלעבט אין דעם צוועלפטען יאהרהונדערט.

רבנו משה בן מיימון, וואס איז בעקאנט אין אונזער געשיכטע מיט דעם נאמען רמב"ם, איז געבוירען געווארען אין דער שטאדט קורדובה איינס א זייגער ביי טאג ערב פסח אין דעם יאהר פיער טויזענד אכט הונדערט זעכס און ניינציג לבריאת־עולם (1135). דער פאטער זיינער, ר' מיימון בן יוסף, וואס איז געוועזען א דין אין דער דאזיגער שטאדט, האט זיך זעהר אינטערעסירט אויסער דער יודישער תורה אויך מיט אנדערע וויסענשאפטען, דהיינו מאטעמאטיק, אסטראנאמיע וכדומה, און האט געלאזט נאך זיך ספרים איבער חכמות פון קליין־וויים אויף האט רבנו משה געלערנט ביי דעם פאטער מקרא, משנה און גמרא און דערטנגלייכען מאטעמאטיק און אסטראנאמיע; ביי די אראבישע חכמים האט ער געלערנט מעדיצין, נאטור־וויסענשאפט און פילאזאפיע. אז ער איז עלטער געווארען האט מיט איהם געלערנט זיין פאטער'ס רבי ר' יוסף אבן מיגאש וואס איז געוועזען א גרויסער קענער אין תלמוד.

אז רבנו־משה איז אלט געוועזען דרייצעהן יאהר, זענען אנגעפאלען אויף דער שטאדט קורדובה די פאנאטישע און בייזע אלמאהאדען און האבען זי איינגענומען. אלע יודען, וואס האבען נישט געוואלט אננעהמען דעם מאחמעדאנישען גלויבען, האבען געמוזט באלד ארויס פון דער שטאדט און זוכען נייע ערטער צו באזעצען זיך. רבי מיימון מיט זיין גאנצער פאמיליע האט אויך געמוזט וואנדערען פון שטאדט צו שטאדט און בעהאלטען זיך פון די דאזיגע מאהמדאנישע מערדער גאנצע צוועלף יאהר.

אט אין אזא מין צייט, אז היינט האט מען ניט געוויסט וואו מע וועט זיין מארגען, און וואו מע האט געזאגט, האט מען נישט געוויסט צי מע וועט קענען דארט נעכטיגען, — אין אזא שלעכטער צייט הייבט אן דער רמב"ם צו שרייבען זיין בעריהמטען פירוש אויף משנה, אויף וועלכעס ער האט געארבעט גאנצע צעהן יאהר. מערקווירדיג איז, אז די גאנצע צייט וואס דער רמב"ם האט געשריעבען דעם פירוש, האט ער ביי זיך ניט געהאט קיין ספרים. דער גאנצער תלמוד איז געוועזען ביי איהם טיעף בעהאלטען אין זיין גרויסען קאפ.

אז דער רמב"ם איז אלט געוועזען כמעט פינף און צוואנציג יאהר, האט זיך זיין גאנצע פאמיליע באזעצט אין דער שטאדט פעץ אין נארדאפריקא, וואו עס האט געוואהנט דער געוויסער יודישער רב רבי אבן־ששון. ביי דעם דאזיגען רב האט רמב"ם געלערנט תורה, און ביי די אראבישע דאקטורים און פילאזאפען — ווייטער מעדיצין, נאטורוויסענשאפט און פילאזאפיע. האטש עס איז זעהר שווער געוועזען אונזער יודישער פאמיליע צו זיצען אין דער דאזיגער שטאדט, וואו מע האט אלע יודען געצווינגען אננעהמען די אמונה פון דעם מחמד, פון דעסטוועגען איז זי דארט געבליבען זיצען, און רבנו משה האט אנגעשריעבען אויף אראביש א לאנגען בריעף צו אלע יודען פון פעץ און פון די ארומיגע שטעדט, און האט זיי געטרייסט און זייער נויט, האט זיי געהייסען ליידען ביז א צייט, ביז גאט וועט זיי העלפען און וועט זיי אויסלעזען פון דעם שלעכטען קיסר, פון דעם נייעם פרעה.

"די תורה — שרייבט זיי דער רמב"ם — איז די קייט וואס גאט האט אונז אראבגעווארפען פון דעם הימעל. ווער עס האלט זיך אין איהר פעסט, דער וועט קיינמאהל נישט דערטרינקען ווערן אין דעם ים פון דעם לעבען".

צו דער דאזיגער שרעקליכער צייט, אז יודען האבען אזוי שטארק געליטען פון די מחמדאנישע קיסרים, וואס האבען זיי גענייט מיט געוואלט אנצונעהמען די אמונה פון דעם מחמד, האט איינער, א יודישער פאנאטיקער ארויסגעלאזט א ספריל, אין וועלכען ער האט ממש געשאטען זאלין אויף די וואונדען פון די אונגליקליכע יודען. ער האט זיי אלע אריינגעווארפען אין חרם, האט אלעמען אבגעזאגט פון יודישקייט און האט געהייסען אלעמען בעסער שטארבען, איידער אננעהמען דעם גלוי־

בען פון דעם נביא־השקר מחמד. זעהר שרעקליך איז געוועזען די אפריקאנער יודען צו הערען אזא מין פסק־דין פון דעם רב. אסך פון זיי, די וואס זיינען געוועזען נישט אזוי שטארק צוגעבונדען צו יודישקייט, האבען זיך אזוי געטראכט: אויב מיר זענען טאקי גוים גמורים, ווי דער דאזיגער רב שרייבט, איז דאך פיעל בעסער, מיר זאלען אין גאנצען אבזאגען זיך פון יודישקייט, צו־שטיין עפענטליך צום נייעם גלויבען, וועלען מיר זיך לעבען זעהר פריי". אט אזוינע מיני געדאנקען האבען געקענט דאמאלס אפרייסען פון אונזער פאלק זעהר פיעל יודען. דעריבער האט דער רמב"ם אנגעשריעבען זעהר א לאנגען און א הייסען בריעף געגען דעם פאנאטישען רב, און האט איהם בעוויזען, אז דער חרם זיינער איז פאלש דורכאויס. דער דאזיגער בריעף רופט זיך אן: "אגרת השמד, אדער מאמר קדוש השם". אין דעם מאמר שרייבט דער רמב"ם, אז די מחמדאנער זענען נישט קיין געצענ־דינער, זיי גלייבען אין אחדות־הבורא און דיענען נאר איהם אליין; דעריבער קען מען נישט אזוי שטרענג אנזאגען די יודען, זיי זאלען זיך ממית זיין, אז מע נייט זיי אננעהמען די מחמדאנישע אמונה, חוץ לזה שרייבט דער רמב"ם — זענען מיר כלל וכלל ניט קיין מומרים, דערפאר וואס מיר מוזען געגען אונזער ווילען זאגען, אז דער מחמד איז אויך א נביא, די מחמדאנער אליין ווייסען זעהר גוט, אז מיר טהון עס ניט מיט'ן גאנצען הארצען, מיר ווילען נאר דערמיט אפנארען דעם שלעכטען און פאנאטישען קיסר. "איין עצה — זאגט ווייטער דער רמב"ם — קענען מיר גיבען אונזערע אונגליקליכע ברידער, און די דאזיגע עצה גיב איך זיך אליין און מיינע גוטע פריינד: איבערציעהען זיך אין איין אנדער לאנד, וואו מע קען פריי האלטען יודישקייט און טהון אלעס וואס גאט הייסט."

אין ווירקליך, פיער טאג אין חדש אייר אין דעם יאהר פיער טויזענד נייןהונדערט זעכס און צוואנציג לבריאת־עולם (1165), אז דער רמב"ם איז אלט געוועזען דרייסיג יאהר, איז די גאנצע פאמיליע מיימון'ס אין א פינסטערע נאכט, כדי קיינער זאל זיי ניט דערזעהן, אוועק אויף א שיף אין אונזער היילינ לאנד, אין ארץ־ישראל, און זענען געקומען אין א חדש ארום אין די שטאדט עכו, וואו זיי זיינען אבגעזעסען ביז חדש השון. פון דאנען האבען זיי זיך געלאזט געהן מיט גרויס געפאהר אין ירושלים. דארט האבען זיי זיך גיט אויסגעווינט אויף דעם ארט, וואו עס איז געשטאנען א מאל אונזער בית־המקדש, און זענען אין דריי טעג ארום אוועק קיין חברון. דא האט דער רמב"ם א גאנצען טאג תפלה געטהון אין דער מערת־המכפלה, וואו עס ליעגען אונזערע הייליגע אבות. פון דארט זיינען זיי אוועק אין מצרים און האבען זיך באזעצט אין דעם אלטען קאיר (פאסטאט), אין עטליכע חדשים נאך זייער קומען אין מצרים, איז דער אלטער ר' מיימון געשטארבען.

אין א קורצער צייט ארום איז געשטארבען אין וועג אויפ'ן אינדישען ים דער גאנצער מפרנס פון דער פאמיליע, דער יונגערער און דער טייער געליעבטער ברודער דעם רמב"ם'ס, ר' דוד. דער רמב"ם האט דעם אונגליק ניט געקענט איבערטראגען און איז געווארען מסוכן שלאף. נאר זיין גרויס פרומקייט, זיין ערנסט פארלאזען זיך אויף גאט, זיין גרויס ליעבשאפט צו חכמה, און אויך די דאגת־פרנסה פאר זיך, פאר די אלמנה און די יתומים, וואס זענען געבליבען נאכ'ן ברודער, האבען איהם אריינגעגעבען אזוי פיעל כח אין מוטה, אז ער איז אויפגעשטאנען פונ'ם קראנקען בעט, האט זיך גענומען צו דער ארבעט, צו דאקטאריי, און האט זיך פון דאמאלס אהן מפרנס געוועזען מיט דער דאזיגער פראפעסיע דאס גאנצע לעבען זיינס. די ערשטע צייט איז די פראקטיק זיינע געוועזען נישט אזוי גרויס: מע האט איהם נאך גיט געקענט אין זיין שטאדט, נאר ער האט זיך בעגניגט דערמיט, וואס ער האט געהאט פון דער דאזיגער קליינער און ארימער פראקטיק, און האט געארבייט מיט גרויס התמדה צו ענדיגען דעם פירוש אויף משנה, וואס ער האט אנגעהויבען מיט צעהן יאהר צוריק. אז דער רמב"ם איז אלט געוועזען דריי און דרייסיג יאהר האט ער געענדיגט דעם דאזיגען פירוש און האט איהם א נאמען געגעבען "סיראדזש" (דאס הייסט אויף אראביש "די בעלייכטונג"). אזוי ווי אלע יודען אין אזיען, אפריקא און א טייל אויך אין שפאניען. האבען גערעדט אראביש, האט אונזער רבנו־משה אנגעשריעבען דעם פירוש אויף אראביש; נאר אין א קורצער צייט ארום האבען די יודישע קענער אין ראם געשיקט פון זיך א שליח צו די רבנים, וואס האבען געקענט יודיש און אראביש, מיט א בקשה, זיי זאלען איבערזעצען דעם פירוש אויף לשון־הקודש. די רבנים האבען זיך גענומען דערצו מיט גרויס חשק, און רמבם'ס פירוש אויף משנה האבען געקענט שוין לערנען אלע יודען פון אייראפא אויף אונזער הייליגער שפראך.

דער דאזיגער פירוש ערקלערט אין קורצען, פראסט און מיט גרויס שכל דעם פונדאמענט פון אונזער תלמוד — די משנה. דער פירוש ווייזט אונז, וואס פאר א גרויסער חכם דער רמב"ם איז געוועזען און ווי הייס און שטארק זיין ליעבע איז געווען צו אונזער דת און אונזער פאלק. דער רמב"ם האט געוואלט מיט דער ארבייט זיינער מאכען אז דער תלמוד זאל נישט זיין א למוד נור פאר געלעהרטע, נאר ווי ווייט מעגליך פערגרינגערען און קלאר מאכען זיינע וויכטיגע יסודות פאר'ן גאנצען פאלק. חוץ־לזה האט ער געוואלט בעווייזען אונזערע ברידער און דעסטגלייכען די אומות־העולם, אז אונזער דת איז אונז געגעבען געווארען פון גאט, נישט דערפאר וואס עס האט זיך איהם גלאט פערגליסט, אז יודען זאלען מקים זיין תרי"ג מצוות פון זיין פערגניגען וועגען. ניין! אלעס וואס גאט האט אונז געהייסען טהון איז נאר פון אונזער טובה וועגען, אונז זאל זיין גוט און אין יעדער מצוה שטעקט א טיעפער געדאנק און זעהר א איידלער זיטליכער צוועק.

מיט גרויס ליעבשאפט האט רמב"ם בעארבעט די ערטער פון דער משנה, וואו עס ליעגט א סך קענטניס אין חכמה, דהיינו מאטעמאטיק, אסטראנאמיע, פיזיק און מעדיצין, און ער האט בעוויזען, אז די הייליגע חכמים אונזערע האבען אויך געקענט אלערליי חכמות פון זייער צייט.

(ענדע קומט) ד"ר יצחק שמוקלער.

---

# בריעף פון דער יודישער גאס.

ב.

אט אזוי האט מען חתונה!
(גאלדפאדען).

ר' חיים דער קאלאניאל־קרעמער איז א מיטעלער בעל־הבית, דאס הייסט: ניט רייך און ניט ארים. וויפיעל ער בעדארף צו האבען פאר זיין קליינער פאמיליע, וועלכע בעשטעהט סך־הכל פון פינף נפשות: ער מיט זיין ווייב, זייער בת יחידה'קה טייבעלע און צוויי קליינע יונגליך וואס געהען אין חדר, — האט ער פון דער קראם בשפע, לעגט נאך א מאל אפ א קערביל אין דער זייט אויך, האטש ער דרעהט זיך אלי'ן מיט פרעמד געלט און צאהלט שטענדיג וואכער. דער אפגעלעגטער רובל קלייבט זיך שוין פון כמה־שנים אין א בעזונדער קאסע פאר טייבעלען אויף נדן. די מוטער פאר זיך האט אויך ערגיץ־וואו א באהאלטענעם קניפעל מיט שענע עטליכע גילדען, אפגעשפארט קאפיקע־וויי ז בשתיקה פון דער טעגליכער הוצאה, און אויך אלי'ן נאר פאר טייבעלען. זי, די מוטער, האט שוין אנגעגרייט פאר איהר אין קאסטען א פאר גוטע שטיקליך לייווינט, א היבשע ביסעל פעדערן מיט א פונטעלע פוך, א פינף זעקס איילען זיידענס, א האלבען בלעמל פיקס אויף א ווינטערדיגער רעטאנדע און עטוואס קופער. ס'הייסט, אז בדוחק קען שוין טייבעלע באלד געהן אין א גוטער שעה מיט איהר בעשערטען אונטער דער חופה...

און ס'איז שוין טאקי צייט אויך כ'לעבען. אין ר' חיים'ס גאנצער סביבה, צווישען אלע זיינע גוטע פריינד און בעקאנטע זענען צוואנציג־יעהריגע מיידליך זעלטען צו זעהן. אין די יאהרען איז מען שוין מאמעס פון קינדערליך און מע פיהרט א לעבען מיט לייטען גלייך. און זי, טייבעלע, הויבט נאך נאר אפילו ניט אן אין שדוכים צו שטעהן, עפיס אזוי ווי זי וואלט איצט געוועזען נור א מיידעלע פון א יאהר זעקס־זיבען. די מעשה דערפון איז אבער גאר פשוט: שטענדיג איז מען אלי'ן פעריאגט, פערצאגט, דורכאויס פערטהון, בעשעפטיגט אין קראם־זאכען, און נאר שבת דער הייליגער אז עס קומט, זעהט מען זיך ארום וואו מען האלט אין דער — וועלט, היינט וואס קען מען דא אזוינס, מישטיינס געזאגט, אויפטהון אין איין שטיקעל טאג? און אזוי פליהט זיך אוועק א

וואָך נאָך אַ וואָך, אַ חודש נאָך אַ חודש, און טייבעלע איז זיך אַזוי געוואָרען דערווייל'ע אַ מויד פון באַלד צוואַנציג יאָהר, און איהר בעשערטער לאָזט זיך נאָך עפּיס אַלץ בעטען...

אָט די דאָזיגע געדאַנקען פאַלען איצט גאַנ'ץ אָפט ר' חיים'ען אין קאָפּ אַריין, און דאָס רוֹב בְּעֵת ער שטעהט „שְׁמוֹנֶה־עֶשְׂרֵה", ווען אין זיין מֹחַ פליהט דורך ווי אַ וויכער די בילדער־פּאַנאָראַמע פון זיין גאַנצער לאַגע בִּכְלָל. עס טרעפט אָבער אַז ביי „שְׁמַע־קוֹלֵנוּ" אָדער „מוֹדִים", שטעלט זיך אַוועק פאַר זיינע אויגען אַ שְׁטַר־חוֹב'ל, אַ וועקסעלע, אַ מאָל אַ פּראָטעסט'ל אויך, און דענסטמאָל פערגעסט ער זיך שוין אינגאַנצען אין טייבעלע. און אַזוי געהט זיך דאָס כְּסֵדֶר און כְּסֵדֶר ביז עס קומט אַ שיינער פריהמאָרגען און פּלוצים בעווייזט זיך ביי איהם אין קראָם, ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען, הייקל דער שַׁדְכָן.

דאָ געפין איך מיר פאַר נייטהיג איבער צו לאָזען אויף אַ ווייל'ע ר' חיים'ן מיט דעם שדכן, און אַ קליינעם שמיעס טהון מיט דעם לעזער וועגען דעם עִנְיָן פון שַׁדְכָנוּת, וועלכער שפּיעלט, ווי ס'איז בעוואוסט, אַ גאַנץ גרויסע ראָליע אין אַלע מִינֵי שִׁדוּכִים, וואָס ווערען אָפּגעטהון טאָג־טעגליך אין אונזער יודישער גאָס.

די פּראָפעסיע פון אַ שַׁדְכָן דאַרף זיין, דאַכט זיך, אַ גאַנץ בִּכְבוֹד'יגע, אַ מְיוּחָס'דיגע, קען מען זאָגען: אַ שדכן איז ווי אַ שָׁלִיחַ ביי דעם רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם אויפצוזוכען אין דער גרויסער ברייטער וועלט פערשיעדענע איינע צו דער צווייטער הארמאָניש צוגעפּאַסטע קרעפטען, וואָס מע דאַרף זיי צונויפבינדען, אויפשמעלצען צוזאַמען, בְּאוֹפֶן אַז פון דער דאָזיגער פערבינדונג זאָלען זיך גאָר פון דאָס ניי אָנהויבען צו שפּינען, צו וועבען נייע כּוֹחוֹת, פרישע לעבענס.

געוועהנליך קען אַבי־ווער אַזאַ הויכע שטעלע ניט פערנעהמען. געוויס דאַרף מען און מוז מען, אום צו קענען זיין אַ „בעהעלפער" ביי דער „יְצִירָה", האָבען געוויסע מַעֲלוֹת, וואָס זענען דערצו זעהר נייטהיג. קוֹדֶם־כֹּל דאַרף אַ שדכן האָבען אַ גוטען געשמאַק, צו וויסען ווער וועמען עס פּאַסט, ווער פאַר וועמען איז אָנגעמאָסטען און ניט אויפצופיהרען בוידעם מיט פּאַליצע. ווייטער דאַרף ער האָבען אַ געזונטען פערשטאַנד, אַ שאַרפען, קריטישען בליק אויפצופּאַסען ווי געהעריג איז דעם גאַנצען יְסוֹד פון דער זאַך; ער דאַרף זיין ווייטער אַ שטיקעל יוֹדֵעַ־סֵפֶר, מע זאָל זיך מיט איהם קענען דייטליך צונויפרעדען איבער אַלץ וואָס מען וויל, אי מינדליך און אַמאָל שריפטליך אויך, און צו די אַלע זאַכען מוז ער נאָך זיין אַ גאַנ'ץ גרויסער עהרליכער מאַן, אַ מאַן מיט יוֹשֶׁר, מיט אֱמֶת, אַז וואָס גערעדט זאָל זיין געמיינט, אַז וואָס ערצעהלט זאָל זיין ניט מְשׁוּנֶה'דיג איבערטריבען, נאָר די הוילע ריכטיגקייט אַליין, אַ מענש וואָס זאָל פערשטעהן און פיהלען, אַז דאָ רעדט זיך עפּיס ניט גלאַט וועגען אַבי־וואָס אַ „געשעפטיל", אַז דאָ האַנדעלט זיך אום מענשליכע לעבענס, אום מַעֲשֵׂה־יְצִירָה... אַ שדכן האָט, מיט איין וואָרט, געדאַרפט זיין אַ לייטישער מענש מיט אַלע מַעֲלוֹת...

אָבער וואָס זעהען מיר ביי אונז? ווער און וואָס זענען אונזערע שדכנים אין אונזער געסיל? אַ ליאַדע גאָרנישט, אַ טויגעניכטס, וואָס טויג, ווי מען זאָגט, ניט צו גאָט און ניט צו לייטען, ווערט ביי אונז אַ שדכן. די זאַך האַלט ביי אונז אַזוי ניעדריג, אַז מיר זענען שוין אַליין געוואָהנט צו פערשטעהן אונטער דעם נאָמען שדכן: אַ פערדריפּעט, ביז איבער דעם האַלז פערשלומפּערט יודעל מיט אַ ברייטען מויל, אַ שֶׁקֶר אָהן אַ י ין וואָהר וואָרט, אַ מִין שְׁפָל'ע בְּרִיָּה אָהן אַ ברעקי'ל הייליגקייט, וואָס פאַר דעם גראָשען, און אַמאָל פאַר אַ שנאַפּס אפילו, וואָלט ער אייך פערקויפט לִצְמִיתוּת דעם חָתָן מיט דער כַּלָּה מיט אַלע מחותּנים און זיך אַליין אויך. אָט דאָס זענען ביי אונס די געוועהנליכע סִימָנִים פון אַ שדכן, און נאָך אַלעם דעם, רעכענען מיר פון דעסטוועגען די דאָזיגע מִינֵי בעשעפּענישען פאַר די שְׁלוּחִים פון דעם בּוֹרֵא און מיר פערטרויען אויף זיי דאָס גליק פון אונזערע קינדער. דער עוֹלָם איז שוין ביי אונז אַזוי געוואָהנט צו דעם סאָרט שדכנים, אַז איהם דאַכט זיך, אַז עס מוז אַזוי זיין, אַנדערש קען גאָר ניט זיין.

און אונזער ר' חיים איז אויך איינער פון דעם גרויסען עוֹלָם און מיינט אויך, אַז זיין טייבעלעס גליק העננט אָפּ נאָר פון דעם שידוך, וואָס הייקעל איז דאָ איהר איצט געקומען רעדען. ער הויבט גאָר ניט אָן צו פערשטעהען, אַז הייקעל'ן האָרט מעהר פאַר זיין קעשענע איידער פאַר טייבעלען, אַז ער איז נאָר אויסען פּשוּט די עטליכע קערבליך, און ווייטער מעג זיך זיין מיט טייבעלען וואָס עס וויל. ר' חיים'ן געהט גאָר אויפ'ן זינען ניט אַרויף דער געדאַנקען, אַז ווי באַלד הייקעל קען טייבעלען נאָר פון דעם איינמאָל וואָס ער האָט זי געזעהן, ווי באַלד אַז עס איז איהם ניט גענוי בעקאַנט איהר ערציהונג, איהר כאַראַקטער, איהרע מעלות מיט איהרע חֶסְרוֹנוֹת, קען ער איהר גאָר בְּשׁוּם אוֹפֶן קיין ריכטיגען שידוך ניט צופּאַסען, אפילו ווען ער זאָל דאָס שוין פערלאַנגען.

היינט, פערקעהרט, צו וואָס זאָלען מיר דאָס גאָר האָבען פּרעטענזיעס צום שדכן, וועלכער איז אייגענטליך אַ אויסוועניגסטער מענש אין דער זאַך און האָט גאָר בִּכְלָל אַזוי פיעל געלעגענהייט ניט זיך נעהענטער צו בעקענען מיט טייבעלעס אינערסטער וועלט, — אַז דער טאַטע אַליין איז אין דעם אויך גאַנ'ץ בלינד, און ער קען זיין אייגענער טאָכטער מיט איהר אייגענעם „איך" ניט מעהר ווי הייקעל, וואָרום — אַך, ווי שרעקליך טרויעריג דאָס איז! — ער האָט זיך גאָר קיינמאָל אויף זיין לעבען ניט אָנגעהויבען אפילו צו אינטערעסירען מיט דעם. ער ווייס נור איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אַז טייבעלע איז אַ מיידעל און מען דאַרף איהר חֲתוּנָה מאַכען ווי אַלע יודישע טעכטער, און אַראָפּ פון מאַרק...

אין אֱמֶת'ן אָבער טאָר אַזוי ניט זיין. יעדער פאָטער און מוטער מוזען קענען לערנען זייערע קינדער טיעף און גרינדליך, מוזען וויסען יעדענס נאַטור מיט אַלע ליכט־ און שאָטען־זייטען, מיט אַלע קנייטשעליך און גריבעליך, און דאָס אַלעס דאַרף זיי שטעהן פאַר די אויגען אין דער מינוט, ווען זיי קומען פערבינדען זייער זוהן אָדער טאָכטער מיט אַ צווייטע נאַטור. עס זאָל הלילה ניט זיין אַ בונד פון פייער מיט וואַסער...

אָט טאַקי די איינענע טייבעלע אַליין. אפילו ניט אַ גְבִירָ'שע טאָכטער, ווי מיר ווייסען, איז זי פון דעסטוועגען, זייענדיג אַ בַּת־יְחִידָה, געוואוינט פון קינד־וויים אָן צו זעהן ווי דער מינדסטער וואונש איהרער ווערט ערפילט באַלד אויף דער שטעל. זי הערט אַלץ דעם טאַטען מיט דער מאַמען זאָגענדיג, אַז זייער גאַנצע האָרעוואַניע איז נאָר פאַר איהר, אַז זייער גאַנצע קְרִיעָה־רייסען צוליעב פַּרְנָסָה איז נאָר אום איהר צום גליק צו ברענגען. דאָס מאַכט טייבעלען ביי זיך אַביסעל שטאָלצליך און זי הייבט אָן אומצוגעהן מיט דעם געדאַנקען, אַז דאָס דאַרף אַזוי זיין, אַז דאָס קומט איהר. מיט דער צייט ווערען די קאַפּריזען ביי איהר נאַטירליך, וואָס ווייטער וואָרצלען זיי זיך ביי איהר איין טיעפער און טיעפער, ביז זיי ווערען צום סוף איינגעזויגען אין איהר מאַרך און בלוט. עפּיס איבערצולעבען אַ טאָג און ניט געפּיעסטעט זיך, און ניט געזעהן פון אַ נאָהענטען פערזאָן וואָס עס איז פאַר אַ לאַסקע, — דאָס קומט איהר אָן זעהר שווער, דאָס קען זי שוין גאָר ניט אַריבערטראָגען.

טייבעלע ווערט עלטער. מען דינגט איהר אַ לעהרער, וואָס לערנט איהר אַביסעלע יודיש־טייטש און אַ קאַפּעלע רוסיש, זי האַפּט שוין לייענען אַ יודישען „העכסט־אינטערעסאַנטען ראָמאַן", אַ געשיכטע מיט בַּת־מַלְכָּה'ס און מיט פערליעבטע פּרינצען, קריגט אַמאָל ערגיץ־וואו אַ רוסישען ראָמאַן מיט וואונדערליכע „העראָיען", ווערט דערצו בעקאַנט מיט חַבְרָתָ'ס אין איהרע יאָהרען, שפּאַציערט מיט זיי און קריכט מיט זיי גאַנ'ץ אָפט אַריין אין געשפּרעכען וועגען קנאַסמאָלען און חוּפּוֹת, וועגען כַּלוֹת מיט חֲתָנִים, וועגען יונגע לייט מיט יונגע ווייבליך. אָט דאָ הויבט זיך אָן פאַר טייבעלען צו עפענען שפּאָגעל־נייע וועלטען מיט נייע האָריזאָנטען; דאָ הויבען זיך אָן צו מאָלען אין איהר מיידעלשען מֹחַ פרישע נייע בילדער, וואו אַלעם בעוועגט זיך, וואו אַלעם דרעהט זיך נאָר אַרום איהר און אַרום איהרע קאַפּריזען, וועלכע בעקומען שוין איצט גאָר איין אַנדער מִין אויסזעהען, איין אַנדער פאָרמע, און וועלכע האָבען שוין איצט אַ שייכוּת ניט צו עלטערן, ניט צו שטוביגע, נאָר צו איין אַנדערער, ווייטער פערזענליכקייט, וואָס איז נאָך דערווייל'ע איבערצויגען ווי מיט אַ טומאַן און מאָהלט זיך נאָך איהר ערשט ווי אין חָלוֹם... טייבעלע הויבט אָן אויף גאַנצע שָׁעָה'ן פערטראַכט צו ווערען; דאָס רוֹב ביי נאַכט אויף איהר בעט'ל, בְּעֵת אַרום איהר איז שטיל און פינסטער, און קיין

שארך שטערט איהר פֿהאנטאזיע ניט פֿאנאנדער צו שפּיעלען זיך אויף דעם אופן ווי איהר ווילט זיך. און ווילען ווילט זיך איהר, אז יענער, איהר בעשערטער, זאל אליין שטעהן און קוקען איהר אין די אויגען אריין, טאמער בעגעהרט זי דאס, טאמער פֿערלאנגט זי יעניץ... עס זאל זיין ניט אזוי, עס זאל זיין אויף איין אנדער ארט, דאס לעגט זיך איהר גאר ניט אויפ'ן זינען, דאס איז אזא זאך, וואס עס קען גאר אויף קיין פֿאל אין דער וועלט ניט געשעהן. טייבעלע נאך איהרע בעגריפֿע, אין וועלכע זי איז אויפֿגעוואקסען געווארען פֿון קינדהייט אן, טראכט פֿעסט, אז א נארמאלער הויזליכער לעבען ווי געהעריג איז קען גאר אנדערש ניט געמאלט זיין סיידען אז דער „מאנסביל" זאל איינמאל פֿאר אלע מאל נור טהון און לייענען דער פֿרוי'ס בליקען, שטודירען איהרע מינעס און פֿערשטעהן שטענדיג איהר כּוונה אויפ'ן ווינק...

(ענדע קומט) ש. ל. ציטראן.

## זאנוויל זייגערמאכער.

געוועזען איז ער א זייגערמאכער. קיין בעסערען סימן קען איך אויף איהם נישט גיבען; ווייל אז מען וועט אראבנעמען פֿון זיין שפּיציגען קאפּ דאס אש־קאליערנע היטעל מיט'ן איינגעריסענעם דאשיק, דאס שווארצע שאליכען מיט'ן קניפּ פֿון הינטען – אויפ'ן האלדז, וועלכעס ער פֿלעגט זומער און ווינטער טראגען, מיט דער גרין־געלב־רויט־ווייסליכע אלטע קאפּאטע, געשפּיעליעט תּמיד אויף נייע שווארצע קנעפּ, מיט נאך אזעלכע קליינינקייטען — וועט מעהר ניט בלייבען פֿון איהם ווי א פֿעררינגעלטער איראנישער „אויסרופֿסצייכען", וואס ווארפֿט זיך נאר דערפֿאר אין די אויגען, ווייל ער איז פֿעררינגעלט... דער קאפּ אביסעל איינגעהויקערט, ניט פֿאר שווערקייט אדער הכנעה, נאר גלאט אזוי: ווי וועניגער פּלאטץ צו פֿערנעמען אין גאטס וועלט. א פּנים... אויגען... באקען... א נאז... דאכט זיך אלע זייגערמאכערס אין די קליינע שטעדליך האבען איין אויסזעהן. אט נעהמט אייך ערגייץ־וואו א זייגערמאכער אין א קליין שטעדטיל, טהוט איהם אן, ווי איך האב אייך דא געוויזען, לעגט איהם נאך צו, ווי פֿיעל איהר ווילט, פֿעדערן אין די פֿארפּלאנטעטע בערדיל און פּאות — בעקומט איהר מיין זאנוויל זייגערמאכער.

זיין מלאכה האט ער געקענט מעהר ווי מע דארף — וועניגסטענס, פֿלעגט דאס ווייב אזוי זאגען; פֿאר איין ארענטליכען האט איהם די גאנצע וועלט געקענט, און פֿאר די צוויי מעלות, אדער, ווי זיין ווייב פֿלעגט זאגען: פֿאר די צוויי חסרונות, איז ער געוועזען א גרויסער ארורמאן. „זייגערמאכעריי אהן א ביסעל שווינדעל טראגט ניט אויף וועטשערע". אדער: „פֿארזארגסט דעם אדון, ער זאל שוין מעהר צו דיר ניט אנקומען" — פֿלעגט זי אונטער־ברומען, ווען „א פּרייץ" פֿלעגט איהם שטעהן איבער'ן קאפּ, ווארטען אויף דער „פּאטשינקע", און זי פֿלעגט שוין ארויסקוקען אויפ'ן שכירות, און פּונקט דעמאלס האט ער זיך גענומען מאטער'ן איבער'ן קלאפּ פֿונ'ם זייגעריל, וואס האט איהם געוויזען ניט גלייך.

מיט איין זאך איז ער געוועזען איין אויסנאהם פֿון אנדערע ארומערלייט: ער איז קיין גרויסער מטופּל ניט געוועזען. זי האט דווקא אלע יאהר געבוירען א קינד, נאר אלע יאהר פֿלעגט זי בעוויינען איינם פֿון די דערוואכסענע. ביז אכט יאהר האט ביי זיי קיין קינד ניט דערלעבט.

דאך איז ער קיין מרה־שחורה'ניק ניט געוועזען; פֿארקעהרט, א רעדיוודיגער, א צופֿריעדענער; און אין שווערע מינוטען, ווען מיר האבען ניט געלאזט רוהען די אלטע נידנע שאלות "נאכוואס און פֿארוואס", פֿלעג איך ליעב־האבען אנטלויפֿען צו איהם. דארט פֿלעגען מיר מיינע שאלות אפֿט מאל רעכט ווערען אהן תירוצים.

בעקאנט האב איך זיך מיט איהם געוועהנליך, מיין זייגעריל צו פֿערדאנקען. אין א פֿריה־מארגען בין איך א מאל אריינגעגאנגען צו איהם רעגוליערען מיין זייגעריל, איך האב איהם געטראפֿען מיט צונויפֿגעטשעפּעטע רעדערליך אין דער האנד, ער האט זיך פֿערטיעפֿט אין זיי, און אלע מאל מיט א לייכטען בלאז פֿון די ליפּען געבראכט אין בעוועגונג. די רעדליך האבען זיך בעוואוינען, מיטגעפֿיהרט אנדערע; טהייל פֿון זיי עקשנים, האבען זיך געדרעהט פּונקט פֿארקעהרט, ווי אויף להכעיס עמיצען; נאר ביסליכווייז האבען זיי זיך אלס לאנגזאמער און וואס שטילער געדרעהט; ס'האט אויסגעוויזען — זיי בעטען א בלאז ביים מייסטער.

איך האב מיט א הוסט געגעבען צו וויסען וועגען מיר, ער האט אויסגעדרעהט דעם קאפּ, אויסגעשטעלט אויף מיר דאס אנגעלאדענע אויג, מיר געגעבען א ברוך־הבא, און, רופֿענדיג מיך ביי'ם נאמען, האט ער מיר געהייסען זיצען.

איך נעהם ארויס מיין זייגעריל, און הייב אן דערצעהלען וועגען איהם; נאר ער האט מיך ניט אויסגעהערט.

— מע זאגט, אז איהר זענט א בעל־השבון! — פֿאלט ער מיר אין די רייד אריין.

— גיט מיר נור געלד, וועל איך נעהמען אהן השבון — טרייב איך שפּאס.

ער איז געבליבען א ווייל, ווי ניט געפּאסט, צו זאל ער פֿאר מיר רעדען; נאד באלד האט ער זיך געמוטהיגט, און מיר אין קורצען דערצעהלט, אז שוין צעהן־צוועלף יאהר (דאס האט געהייסען כּמעט פֿון זינט ער לעבט א זעלבסט־שטענדיג לעבען, ווייל ער איז דאמאלס ניט מעהר אלט געוועזען ווי דרייסיג יאהר) מאטערט ער זיך צו מאכען א „סאמאהאד" אדער, ווי ער האט מיר ערקלערט — א זייגער וועלכען מע זאל קיינמאל ניט דארפֿען אנציהען. ער איז שוין פֿיעל מאהל כמעט פֿארטיג געוועזען; נאר ביי יעדען מאל דערזעהט ער, אז ער האט אין „עפּים", איין קלייניגקייט געפֿעהלט, ער האט מיר אויסגעשיט אלע זיינע פּלאנען, פֿון וועלכע איך האב גאר וועניג פֿערשטאנען, נאר אויס עדעלקייט האב איך נאכגעשאקעלט מיט'ן קאפּ. ער האט גערעדט מיט היטץ. אט האט ער זיך ערגיץ טיעף פֿערקוקט ערגייץ אין א ווייטען פּונקט, אזוי וויט, אז ער האט אזש האלב פֿערמאכט די אויגען; אט האט ער זיי אויסגעשפּאנט, און א פֿרעהליך פֿייעריל האט זיך אין זיי צופֿלאקערט. אויפ'ן פּנים האט זיך צוגאסען א מילדע פֿרייד, א צופֿרידענהייט; ער איז געבליבען מיט די הענד און פֿיס אין איין פּאזע, ער זאל חס־ושלום ניט איבערוועגען אין איין זייט אריין, וועט ווערען א תּל פֿון זיין סאמאהאד. אז איך האב איהם אויפֿמערקזאם געמאכט, אז עס איז שוין ווי אונטערגעשריבען פֿון אלע חכמים, אז קיין אייביגע בעוועגונג, אהן הילף פֿון אלע מאל א נייעם כּח, קען אין דער נאטור ניט זיין — איז ער אויפֿגעשפּרינגען פֿאר פֿרייד, און האט מיר אבגעזונגען מיט א בעזונדערן נוסח: „אט טאקי דערפֿאר איז מיר גוט, וואס איטליכער האט זיך מיאש געוועזען דערפֿון, און איך קען דערבייארבייטען אהן מורא — טאמער וועט עס איין אנדערער אויסחאפּען. איך בין שוין מיט גאטס הילף באלד פֿארטיג; און ווען איינער זאל זיך שוין פֿון איצט אן נעמען דערצו, דארף ער אויך מאטער'ן זיך צעהן אדער פֿינפֿצעהן יאהר ביז ער וועט קומען צו דעם ווי איך האלט. ביז דעמאלס וועל איך שוין געוויס האבען נחת פֿון מיין ארבייט, און מיין ביילע וועט שוין ניט שלאפֿען אין בעט אזוי שפּעט, וויסענדיג אז ס'איז ניטא צו וואס אויפֿצושטעהן.

די לעצטע ווערטער האט ער א ביסעל אויסגעשריגען. זיי זענען אדרעסירט געווען אהין צום בעט, פֿון וואנען עס האט ארויסקוקט צוויי קעפּ מיט שווארצע לאקען פֿון צופּוסענס און א הענדטיל פֿון א זייגקינד פֿון אונטער דער קאלדרע — פֿון צוקאפּענס. עס האט זיך פֿון דארט געהערט א זיפֿ'ץ פֿון א „מידער" נשמה.

ער האט גערעדט זיכער, בעשטומט, און ווען איך זאל מיך געוועען פּריפֿען איהם אבוועגדען, וואלט עס מיר ניט געראטען.

וויפֿיעל מאל איך בין דערנאך אריינגעקומען צו איהם, פֿלעג איך איהם געפֿונען איבער זיין „סאמאהאד", און ער האט יעדעס מאל לוסטיג פֿערפֿיהרט מיט מיר א ווייטען שמועס וועגען איהם. עס האט איהם געשאדט נענוג צו דער פּרנסה; ווייל, טראכטענדיג און רעדענדיג וועגען סאמאהאד אזוי פֿיעל, האט ער די ארבייט ניט געקענט מאכען צו דער צייט, דערפֿאר אבער וויפֿיעל כּח האט עס איהם געגעבען די גרעסטע נויטען איבערצוטראגען, ניט איינמאל האט ער געגעסען — „סאמאהאד" פֿאר „וועטשערע" און איז געווען זאט.

די צייט האט אונז צוטהיילט, איך האב פֿערלאזט מיין היים, און האב געלאזט מיין זייגער־מאכער ראנגלען זיך מיט דער נויט און שפּיעלען

זיך מיט זיין "סאמאהאד", עס איז איבערגעגאנגען היבשע עטליכע יאהר, מיר האט זיך געטראפען ווידער צו זיין אין מיין שטעדטיל, מיין ערשטער וויזיט איז געווען צו מיין זייגערמאכער.

ווידער דאס אייגענע ארומקייט; די אייגענע צאהל קינדערליך.ביילע ליעגט נאך אלס שפעט אין בעט, און א זויג־קינד שטרעקט אלע מאל ארויס א הענדטיל. זאנוויל האט זיך גאר ניט געעלטערט. דאס אייגענע פנים, דאס אייגענע פייער'ל אין די אויגען. מיין ערשטע פראגע איז געווען — דער "סאמאהאד". נאר ער האט אוועקגעמאכט מיט דער האנד. "עט, פרעגט ניט, זיך אבגעלאזט שוין לאנג דערפון".

— נו, ווי־זשע געהט עס אין פרנסה? — פרעג איך איהם.

— אז השי"ת וועט וועלען וועל איך אין ניכסטען שוין געהאלפען ווערען — ענטפערט ער מיר מיט זיין זיכערען טאן — מיר עמיגרירען קיין ארגענטינא.

— פלוצלונג!

— פאר וואס — פלוצלונג? — מישט זיך דאס ווייב אריין: סיי ווען — וועט אלס הייסען "פלוצלונג!"

— יעדע זאך מוז זיך דאך אמאל אנהייבען — האלט ער איהר אונטער — א זייגער הערט אויך פלוצלונג אויף צו געהן און הייבט אן צו געהען; איהר האט דאך מסתם געהערט פון מיין אונגליק".

— איין אונגליק? — טוה איך זיך א האפ, און ווארף איין אויג אויף די קינדערליך.

— ניין, טרייסט ער מיך — גאט איז מיט אייך! שוין פון אפאר יאהר ... ניט צו פערזינדיגען.

נאר פון די אכטלען.

— געווינען איין אכטעל אין דער טירקישער באנק?

— שיער ניט געווינען!

— וואס הייסט?

— אט ווי די מעשה איז געוועזען: מיר איז שטארק שלעכט געווען, ממש אויף מזון סעודה אחת. קיין ארבייט — ניט געווען, און דאס ביסעל, וואס ס'איז יא געווען, האט מיר עפיס ווי אבגענעמען די הענד: כ'האב זיך ניט געקאנט נעמען צו דער ארבייט; און אויפ'ן הארץ איז געווען גאר ניט פרעהליך... איך רעד איהר אויס, זי רעדט מיר אויס עס העלפט ניט. אויף איין מאל ווער איך אזוי אין דאגה, אין טרויעריגקייט אנשלאפען. חלומ'ט זיך מיר, אז איך ציה־אן א זייגערל מיט א פאפירען שליסעלע גאר ... איך ציה עס אן איין מאל און צוויי מאל און דריימאל, און עס הייבען־אן צו פאלען קליינע ווייזערליך, רעדליך און שטיינדליך, און דער צופערבלאט וואכסט וואס גרעסער און גרעסער, לויטערער און העלער... ער האט שוין אויסגעזעהן ווי א זון... איך ווייס ס'איז א חלום, און וויל זיך צולאכען... נאר דא דערזעה איך מיין פאטער עליו־השלום אין שבת'דיגע קליידער... ער טוהט זיך אויף מיר א בעזער: "נעהם, זאגט ער, קויף דריי מאל איין אכטעל; ביים ערשטען מאל וועסטו דערלעגען, ביים אנדערען — א קלייניגקייט געווינען, ביים דריטען — מאכסטו דעם גרויסען געווין". איהר קאנט מיך, איך גלויב ניט אין חלומות, נאר דא איז אונמעגליך געוועזען ניט צו גלייבען. דאס הארץ קלאפט מיר... איך פיהל אז איך וועל שטארק זינדיגען ווען כ'וועל ניט קויפען קיין אכטלען. נאר ווי קויפט מען, אז קיין געלד איז ניטא. בקיצור גאט האט בעשערט עפיס א פר־צ'ל מיט א פאטשינקע, איך האב ביי איהם פארדיענט פונקט אויף איין אכטעל צו קויפען. מעשה־נסים! ביים צווייטען מאל ווידער אזא השגחה און איך האב געווינען, ווי דער חלום האט מיר פירגעזאגט, א קלייניגקייט. ביים דריטען האב איך שוין די וועלט איינגעלעגט, ניט דער־עסען ניט דערשלאפען, און דערלעגט וויפיעל כ'האב געדארפט צום אכטעל.

טיעפע זיפצען האבען זיך אנגעהויבען ציהען פון איהר ברוסט, איך האב זיי קוים איבערגעטראגען. איך האב זיך גערעכט צו הערען א גרויסען אונגליק, און האב מורא געהאט אויסצוהערען דעם סוף.

דער דערצעהלער האט זיך ארא־בגעלאזט אויף עטליכע טענער; און, קוקענדיג ערגיץ צום פענסטער, האט ער געענדיגט:

— דארף זיך פיהרען — מע זאל מיך אבנארען... מ'האט מיר פארקויפט איין אויסגעשפיעלט אכטעל... איך האב אזוי פיעל ניט מדקדק געווען: כ'בין שוין געווען זיכער — כ'וועל געווינען... אז ווי לאנג זאל ער... כ'ווייס אליין ניט וואס צו ווינשען איהם (ער האט קיין־מאל ניט גוט געוויסט דעם נוסח פון א קללה, פלעגט זיך תמיד ביי אזעלכע צופאלען פארהיקען; נאר דא איז זי איהם ביינגעשטאנען) ווי איך וואלט געווען געווינען, ווען ער נארט מיך ניט אב דער הולטיי, דער רשע!

עס איז שטיל געווארען אין שטוב. פון איהרע אויגען האבען גע־קאפעט טרערען אויף איהר זויג־קינד, וועלכען זי האט געראדע געהאל־טען ביי דער ברוסט; דאס קליינע נפש'יל האט מיט נייגיעריגקייט געקוקט אויף די פונקעלדיגע קייליכער וואס פאלען פון דער מוטערס אויגען.

— גענוג שוין וויינען — טרייסט ער זי — דאנקען גאט מיר דערצעהלען עס אין פריידען. וואס איז געוועזען איז דאך שוין געוועזען!

ער האט'ס געזאגט מיט אזא נוסח, אז מ'האט געקאנט מיינען, אז די "קאנטאר" האט איהם פאר רחמנות איבערגעביטען דאס אכטעל, און ער האט ווירקליך געווינען א סומע געלד, איך האב איהם דערויף אי־בערגעפרעגט.

— ניין — האט ער א לאך געטוהן — נאר מיר זענען שוין קיין הינגע: מיר עמיגרירען קיין ארגענטינע ערד ארבייטען. איך האב שוין אפילו מיין שטוביל פארקויפט.

— זיינט איהר שוין ערגיץ צוגעשריבען?

— ניין, מיר ווארטען אויפ'ן אגענט: ער דארף קומען אהער, פיעל פון דאנען פארשרייבען זיך.

— וואס־זשע האט איהר זיך אזוי געאיילט מיט'ן פערקויפען דאס שטובעל?

— איהר זענט דאך עפיס א גמרא־קעפיל — צולאכט ער זיך — ווי־זשע פאלט איהר ניט אויפ'ן שכל, הא! וואס פאר א מקח וועל איך נעהמען פאר מיין שטוביל, ווען דער אגענט וועט שוין קומען און אזוי פיעל פאמיליען מיט א מאל וועלען ארויסנעמען זייערע שטובליך צום פארקויפען?

— נאר זענט איהר שוין זיכער אז איהר וועט פעהיג זיין צו ערד־ארבייט?

— איי, זייט מיר מוחל, האט ער זיך צובייזערט: איהר רעדט ניט פראקטיש! צו מיינט איהר אויך, אז די קאסע וועגט א פוד, און דעם אקער דארף מען אליין שלעפען? צו אפשר גרויסע שכליות שטעקט אין ערד־ארבייט? א סך שווערער א האאר פון א זייגערל צו נעמען ווי אויפהייבען א קאסע און א מאך טוהן איבער א פארטיג פעלד מיט תבואה!

איך האב זיך געפרופט אבווענדען; נאר ער האט מיך ניט געלאזט רעדען, ער האט שוין ווי אויס היטין גערעדט, מיר אויסגעמאלט א פעלד, א גארטען, עופות, בהמות, מילכיגס — און אלעם אומזיסט. מאראנצען, עלבירטען, מילגראמען, פייגען האבען זיך געשיט פונ'ם מויל, און די קינדערליך מיט אויסגעצויגענע פנימ'ליך און אויסגעשפאנטע אייגעליך האבען זיי אויפגעקליבען. איך האב דערזעהן אין זיינע אויגען דאס בע־קאנטע פייערל, און האב זיך דערמאנט אין — "סאמאהאד".

מיר זענען זיך ווידער צופאהרען, און ס'איז איבערגעגאנגען גאנצע פינף יאהר, איך האב פון איהם קיין מינדעסטען גרים ניט געהערט.

אויף איינמאל, דורכפאהרענדיג די שטאדט ב., דערזעה איך מיין זייגערמאכער שטעהן מיט א קלימאק נעבען א פוהר. ס'איז מיר דאס מאל אויך ניט שווער געווען איהם צודערקענען, ווייל ער האט זיך ווענינ וואס געעלטערט, איך האב מיך אבגעשטעלט, איהם אנגערופען ביים נאמען — ער האט זיך גאר דערפרעהט איבער מיר.

— וואס טוהט איהר דא? — פרעג איך איהם — איהר האט ניט עמיגרירט דעמאלס קיין ארגענטינא?

— קיין פאלעסטינע ווילט איהר זאגען — פערדעכט ער מיר.

— ניין, קיין ארגענטינע וויל איך טאקי זאגען, איהר האט דאך קיין ארגענטינע געוואלט פאהרען!

— א, דאס געדענקט איהר נאך יענם מאל, א פנים ווען כ'האב פארקויפט מיין שטובעל! ניין, כ'בין דעמאלס געבליבען אין דער היים,

ווייל מיין ביילע איז מיר קראַנק געוואָרען, ניט היינט געדאַכט; פֿאַרקרענקט די עטליכע רובעל פֿונ׳ם שטיבעל.

— ווי־זשע האָט זיך אייך געלעבט דאָס שטיקעל צייט?

— „אַ, שלעכט געלעבט. איך האָב ניט לאַנג שוין געזאָלט געהן קיין פּאַלעסטינע, שוין געווען צו געגרייט מיט אַלעמען, נאָר כ׳האָב ניט געהאַט אויף דער הוֹצאָה ביז אָדעסע, און די גאַנצע שׂרָרא אונזערע האָט עפּיס חַרָטָה בעקומען. דורך וואָס און דורך ווען — איך בין געבליבען אין דער היים.

— וואו הין־זשע פֿאָהר־ט איהר עס איצט?

— כ׳פֿאָהר קיין קאַליעס. אַז גאָט בָרוך־הוּא וועט וועלען, וועל איך מיר דאָ מאַכען אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל.

מיר האָט דאָס האַרץ געזאָ. ז. אַז דער מענש דאַרף שוין ווידער האָבען עפּיס אַ „אָפּנאָט", אַנייע האָפֿנונג, אָהן וועלכע ער האָט ניט געקאָנט לאַנג בלייבען; און דעריבער האָב איך איהם מיט נייגיעריגקייט געפֿרעגט — וואָס פּלוצלונג קיין קאַליעס?

ער האָט מיך אַוועק געפֿיהרט פֿון דער פֿוהר, און זיך אויסגעהוסט, צו־געגרייט צום רעדען, ווי אַ בַעל־דְרָשָׁה פֿאַר איין אויסגעשטעלטער דְרָשָׁה, און האָט אָנגעהויבען:

— איהר האָט געוויס געהערט אַז דער באַראָן הירש איז געשטאָרבען?

— יאָ — ענפֿער איך — נו מַילָא?

— און האָט מן־הסתם אויך געהערט, צו אפשר — געלייענט, אַז ער האָט אָבגעזאָגט אַלע נאָהענטע און ווייטע קְרוֹבים אַ שענע יְרוּשָׁה?

— נו, איז וואָס?

— און דערפֿון ווייסט איהר אויך, אַז דער באַראָן איז אַ געבוירענער אַ רוסישער, אַ קאַליעסער?

— דאָס הער איך איצט פֿון אייך.

— היינט, שטעלט אייך פֿאָר, אַז איך בעקום אַ בריעף פֿון איינעם פֿון מיין ווייבס קרובים — מיין ביילע, פֿאַרשטעהט איהר, איז אויך אַ קאַליעסער — און ער רעכענט מיך אויס, אַז מיין שווינער — זאָל האָבען דאָס גן־עדן, מיט׳ן באַראָן הירש׳ס באָבע, זענען שוין ביידע אויף דער אמת׳ער וועלט — האָבען זיך אָנגעקערט שני־בשלישי, און לויט זיין צוָאָה, קומט מיר אַ היבשע ירושה פֿון עטליכע טויזענד רובעל. איצט פֿאָר איך קיין קאַליעס דערזוכען זיך צו מיין ביילע׳ס מעטריקעס און וועל זי איבערשיקען אַהין צו דער אַלְמָנָה הירש.

איך האָב איהם אַ קוק געטהון אין די אויגען, און האָב דאָרט דערזעהן דאָס בעקאַנטע פֿייעריל. „סאַמאָהאָד" — האָב איך געוואָלט אַ געשריי טוהן. מיר האָט זיך געגלוסט צו טרייבען שפּאַס מיט איהם, און פּרוּפֿען אָבקויפֿען די עטליכע טויזענד רובעל, און בין זעכער געווען, אַז ער וועט קיין סך ניט אָבלאָזען; נאָר איך האָב דֶרֶך אֶרֶץ בעקומען פֿאַר זיין תְּמִימוּת, פֿאַר זיין „נאַרישקייט", פֿאַר דעם קוואַל פֿון „לעבען און האָפֿען". איך בין געבליבען אין סָפֵק — ווער פֿון אונז ביידע איז דער נאַר און ווער איז דער קלוגער. איך האָב צו געמאָסטען זיין לעבען צו מיינעם: ער לעבט, און איך לעב; ער נאַרט זיך אַלע מאָל, איך לאָז זיך ניט נאַרען; נאָר זיין לעבען איז פֿול פֿון אינטערעס, אַ שטענדיגער „סאַמאָהאָד" וואָס שטעלט זיך קיינמאָל ניט אָפּ. ביי איהם ברענט אַ נֵר־תָּמִיד אין האַרץ, איידער איין לעכט געהט־אויס זוכט ער באַלד אָב אַ אַנדער לעכט, און מאַכט ווידער ליכטיג און וואַרם. איך אָבער פֿרעג קשיות אויפֿ׳ן לעבען, און קאָן קיין תירוצ׳ן ניט ענפֿערען... מיר טשאַדעט גאָר אין דער נאָז אַריין דער קאַניין וואָס צאַנקעט דאָרט, און וואָלט איהם וועלען פֿאַרלעשען איידער איך האָב געפֿונען אַ אַנדער ליכט..

מיר האָבען קיין סך ניט פֿערבראַכט, יעדער פֿון אונז האָט זיך געאיילט אין וועג אַריין, און מיר זענען זיך צעפֿאָהרען.

אין צוויי יאָהר אַרום האָט זיך מיר ווידער געטראָפֿען צו זיין אין מיין היים. אין שטעדטיל האָט מען געשמיסט פֿון זאַנוויל זיינערמאַכער, אַז ער האַלט ביים עק. איך האָב מיך אָבגעריסען פֿון מיין געשעפֿט, און בין געלאָפֿען איהם מְבַקֵר־חולה זיין. ער האָט טאַקי געהאַלטען ביים עק. ביילע האָט געבראָכען די הענד און ישטול געוויינט. די קינדער האָבען זיך געוואָרגען מיט׳ן הליפֿען. דאָס האָט ער בֵיי זיי געפֿועלט, זיי זאָלען ניט אָנמאַכען קיין געפֿילדער. דאָס אָרומקייט אין שטוב האָט איצט אַזוי גוט זיך צו־געפּאַסט... די זייגער׳ס אויף די ווענד זענען אַלע געשטאַנען. עס איז ישטול געווען. עס האָבען זיך אַרויס־געהערט זיינע שווערע אָטהעמען, ער איז געלעגען מיט פֿערמאַכטע אויגען, נאָר נאָך איינמאָל געעפֿנעט די אויגען און איך האָב דערזעהן דאָרט דאָס „בעקאַנטע פֿייעריל", ער האָט אויף עפּיס געהאָפֿט . . .

לעאָווא, י. שטיינבערג.

---

# די פֿאַמילִיֶען־פּאַפִּיעֶרֶען.

אָדער

זכרונות פֿון דוד המלך׳ס פֿאַמיליע.

פֿון א. ש. פֿריעדבערג.

(פֿאָרטזעטצונג).

קוים איז כורש צוריקגעקומען נאָך זיין הויפּטשטאָדט עקבאַטאַנאַ, בערייכערט מיט דער גרויסער מלוכה פֿון בבל, איז פֿון איהם איין צירקולאַר פֿערשיקט געוואָרען נאָך אַלע לענדער, וועלכע געהערען איהם מיט די ווערטער:

„אַזוי זאָגט כורש, דער קעניג פֿון פּרס: אַלע קעניגרייכע פֿון דער וועלט האָט דער גאָט פֿון הימעל מיר געגעבען, און ער בעפֿעהלט מיר, פֿאַר איהם אַ הויז צו בויען אין דער יודישער שטאָדט ירושלים. ווער עס געפֿינט זיך ביי אייך פֿון זיין פֿאָלק, מעג אַליזאָ אין גאָטעס נאָמען גליקליך אַ היים געהען!

איצט איז געקומען די ערלעזונגס־צייט פֿאַר אונזערע געפֿאַנגענע יודען! אַלע האָבען ערהאַלטען די ערלויבעניש, פֿריי אַהיים צו געהן. עס האָבען זיך אָבער וועניג בַעֲלָנִים געפֿונען — דען דאָס רוב יודען האָבען פֿאַר גוט געהאַלטען אויף זייערע נייע ערטער צו פֿערבלייבען, עס איז זיי געוועזען אַ שאָד, זייערע הייזער און גערטנער און געשעפֿטען צו פֿערלאָזען און נאָך דעם צערשטערטען פֿאָטערלאַנד צו געהן, עס ווידער אויפֿצובויען. אין גאַנצען איז געוועזען די צאָהל פֿון די, וועלכע זענען פֿון בבל אַהיים געגאַנגען ניט מעהר ווי צוויי אין פֿערציג טויזענד מיט דרייהונדערט זעכציג פֿערזאָן. דערצו האָט דער גרויסער קעניג כורש שטרענג בעפֿאָהלען: אַז די יודען וועלכע ווילען בלייבען, זאָלען זייערע אויסוואַנדערענדע ברידער אונטערשטיצען מיט אַלעם גוטען, מיט זילבער און גאָלד און ווירטהשאַפֿט און פֿיה (בהמות) און דערצו נאָך מיט רעכטע נְדָבוֹת אויפֿ׳ן בֵּית־הַמִקְדָשׁ אין ירושלים, איהם צו פֿערערכטען אַנ אויפֿצוהאַלטען מיט דער גאַנצער הוֹצָאָה פֿאַר די ערשטע צייט ביז עס וועט אַלעס אין אָרדנונג קומען. די צוריקגעבליבענע האָבען עס געוויס מיט פֿרייד — און אויך אונגערן — געטהון, און די אויסוואַנדערער מיט אַלעם מעגליכען אונטערשטיטצט, אַפֿילו מיט קאָנפֿעטירען און מאַרציפּאַנען אויפֿ׳ן וועג. כורש האָט אַרויסגענומען אַלע טהייערע כֵּלים, וועלכע נבוכדנצר האָט גערויבט פֿון בית־המקדש און אין אַ געטצען־טעמפּעל אין בבל געהאַלטען, און אַלעס מיט אַ רעכנונג אין אונזערע הענדע אָבגעגעבען. מיך האָט ער געמאַכט צום פֿירשטען אין יהודה, מיט דעם טיטעל פֿון אַ פּערזישען פּאַשאַ, דאַמיט קיינער פֿון די פֿעלקער זאָל ניט וואַגען אונז אין אונזער לאַנד צו בעאונרוהיגען. איך האָב מיר אויסגעוועהלט נאָך עלף גרויסע לייט פֿון אונזער פֿאָלק, וואָס זאָלען מיר צו הילף זיין אין דער רעגיערונג. מיר זענען געוועזען צוועלף, ווי די צאָהל פֿון די נשׂיאים אין דער צייט פֿון משֶׁה רַבֵּינוּ, אונטער דיעזע איז אויך געוועזען מיין חבר יְהוֹשֻׁעַ בֶּן יְהוֹצָדָק, דער קינפֿטיגער כֹּהֵן גָדוֹל, און מיט איהם אַלע כֹּהֲנִים און לְוִיִים איינצופֿיהרען דעם דיענסט און דעם געזאַנג פֿאַר גאָט אין בית־המקדש ווי פֿאַר צייטען.

אין חודש ניסן, אין דער זעלבער צייט וואָס אונזערע עלטערן זענען אַרויס פֿון גָלוּת מִצְרַיִם, זענען מיר אַרויס פֿון גָלוּת בָּבֶל. פֿאַר אונז פֿריהער זענען געגאַנגען אַ פּאָר זענגער און מוזיקאַנטען, וועלכע האָבען געזונגען און געשפּיעלט דאָס קאַפּיטעל „הוֹדוּ לַד׳ כִּי טוֹב, כִּי לְעוֹלָם חַסְדוֹ" (לויבט דעם גוטען גאָט, עוויג איז זיין גנאָדע!). אַ חֵיל פֿון טוי־

זענד מאן רייטער האט כורש מיטגעשיקט אונז צו בעשיטצען פאר די רויבענדע באנדען פון די ווילדע קורדען, זיי זאלען אונז ניט איבערפאלען אין וועג. די גאנצע הונדערט און פופציג מייל פון בבל ביז נאך ארץ־ישראל האבען מיר אין פריעדען און פריידען דורכגעמאכט. דאך האט עס פינף חדשים געדויערט ביז מיר זענען אין אונזער הייליג פאטערלאנד צוריק געקומען. אוים פחד פאר כורש, דעם גרויסען פערזישען מאנארכען, האט קיין פאלק געוואגט אונז צו שטערען, אלע היידנישע פעלקער וואס האבען זיך באזעטצט אין דער פראווינץ יהודה, האבען פאר אונז אבגעטראטען. אונזערע ברידער וואס זענען געוואהנט געוועזען צום לאנדבוי (ערדארבייט) האבען זיך גלייך בעזעטצט אין די דערפער און אויף די חלקים לאנד וואס זייערע עלטערן האבען בעוואהנט און בעארבייטעט. מיר אבער זענען גלייך נאך ירושלים געגאנגען. און אלס מיר זענען צו אונזער הייליגער שטאדט נאהענט געקומען, און מיט אונזערע אויגען דערזעהען איהרע צעבראכענע מויערן און איינגעפאלענע הייזער, האבען מיר אלע קריעה געריסען, די ערד געקושט, די שטיינער צום הערצען געדריקט און זעהר שטארק זיך אויסגעוויינט. דערנאך האבען מיר זיך בערוהיגט, געטרייסט און גאט געדאנקט; געדענקענד די ווערטער פון נביא (ישעיה ס"ו י').

„פרייעט אייך מיט ירושלים, אלע איהרע פריינדע,
עס זאלען זיין אין גרויס נחת אלע
וועלכע האבען אויף איהר געטרויערט"

און אזוי האבען מיר אונזערע הערצער געשטארקט מיט גאטעס הילף, אזוי אז אונזערע טרויער איז פערוואנדעלט געווארען אין גרויס פרייד. אלע האבען אנגעהויבען צו זינגען, איך נעהם מיין הארפע, ווער בעגייסטערט, און זינג און שפיעל דען שענען „שיר המעלות" (תהלים קכ"ב).

ווי האב איך מיך געפרייט,
ווען מען פלעגט מיר אין גלות זאגען:
מיר וועלען נאך ווידער אין ירושלים געהן,
און אין איהרע טויערן שטעהן!
אין ירושלים די אויפגעבויטע,
די פרומע, גאטפערטרויטע,
וואו אלע שבטים זיך פערזאמלען
און איהר דאנק צו גאט שטאמלען;
וואו ריכטער זיטצען אויף זייערע שטוהלען,
דער שטוהל פון קעניג דוד אויבען אן.
א טרייען גרוס צו ירושלים,
א גרוס צו איהרע גוטע פריינד,
מיט וואונש פון גליק צו איהרע מויערן,
פון זיסע רוהע צו איהרע טויערן.
צו ליעב אונזערע פריינד און ברידער,
וועלכע קומען צו איהר ווידער,
פאר אונזער גאטעס הייליג הויז —
בעגריסען מיר איהר מיט אונזרע ליעדער.

באלד האבען מיר זיך גענומען צו דער ארבייט. די הויפען ערד אבצוגראבען און די גאסען אויפצובויען. קיין הייזער צום וואהנען האבען מיר נאך ניט געהאט, און האבען דערווייל פאר אונז אויפגעשטעלט פאלאטקעס און געצעלטען. דערווייל איז אנגעקומען דער חדש תשרי מיט זיינע ימים נוראים און ימים טובים. די אלטע כהנים, וועלכע זענען מיט אונז צוריק געקומען פון גלות, האבען ארויסגעפונען דעם פונדאמענט פון פאריגען מזבח, דארט האבען מיר איהם אויפגעשטעלט אויפ'ס נייע פאר די נייטהיגע קרבנות. און ווי דער רויך פון די קרבנות איז ארויפגעשטיגען, האבען מיר אונזערע אויגען אויפגעהויבען צום הימעל — וואס מיר האבען דערביי געפיהלט אין הארצען, איז ניט צו בעשרייבען. אך, שוין מעהר פון פופציג יאהר האבען מיר דאס אין די אויגען נישט געזעהן.

באלד נאך סוכות האבען מיר אנגעהויבען אויפצוברייגנען צעדערן־האלץ און אלעס נייטיגע בוי־מאטעריאל צום נייען בית המקדש. און ווי דער בנין איז פארטיג געווארען, האבען די כהנים זיך געשטעלט צום הייליגען דיענסט, די לוים מיט זייער מוזיק, מיט די הייליגע מזמורים פון אונזער עלטערפאטער דוד המלך, און דאס גאנצע פאלק האט זיך זעהר געפרייט. די יונגע לייט האבען געזונגען און געטאנצט פאר פרייד. אבער די אלטע לייט געדיינקענדיג די פראכט פון ערשטען בית המקדש האבען זיך שטארק צעוויינט, און דאס געוויין פון די אלטע האט פארקלינגען די פריידענשטימען פון די יונגע. דאן איז אויפגעטרעטען חגי הנביא און ער האט אונז אלע געטרייסט אין גאט'ס נאמען און נבואה געזאגט, אז באלד וועט דער נייער בנין זיין שענער און פרעכטיגער ווי דער אלטער בית המקדש ווען מיר וועלען נור פריד אונ רוה געניסען, און זיינע ווערטער האבען אונז אלע בערוהיגט. שען איז געוועזען צו זעהען ווי מיר אלע, פון גרויס ביז קליין, אפילו פרויען און קינדער, האבען זיך גענומען צו דער ארבייט און געטראגען די שווערסטע לאסטען. אויך איך האב זיך דאמאלס דערמאנט אן מיין אלטען נדר, האב אויפגעזוכט די מויער־קעלניע, מיט וועלכער איך האב שווער געארבייט ביים בוי פון דער מויער פון מדי, און גלייך מיט אלע מיינע ברידער און שוועסטער האב איך מיר גענומען צו דער הייליגער ארבייט און די ארבייט איז געגאנגען פריש און לעבעדיג.

צו יענער צייט זענען צו אונז געקומען די שומרונים, די לייט וועלכע דער קעניג פון אשור האט בעזעטצט אין ארץ ישראל אויף די ערטער פון די געפאנגענע עשרת השבטים. זיי זענען געוועזען האלב יודען, האלב געטצענדיענער. אבער זעהענדיג אז גאט העלפט אונז ווידער, זענען זיי צו אונז געקומען מיט דעם פארשלאג, מיט אונז צוזאמען צו ארבייטען און גאט דיענען. דא האב איך מיך דערמאנט אן די רייד פון צדקיהו המלך וועלכע ער האט געזאגט צו מיין פאטער: „בעסער ווייניג מענשען אין אחדות און טרייהייט אלס פיעלע, געטהיילט אין זייערע דעות". איך האב מיך אויך דערמאנט אן אונזערע אריסטאקראטען, וועלכע עס פעהלט נאר דער נסיון אום אלעס בייז צו טהון... און ווען דיעזע וועלען זיין בחברותא מיט די שומרונים, האבען מיר גלייך ווידער ביי זיך די אלטע פעהלער, וועלכע האבען אונז צום אונגליק געבראכט. דא האב איך ערקלערט אויף דער אספה, אז פאר אונז לויהנט ניט מיט די שומרונים זיך צו פעראייניגען. דער כהן גדול יהושע בן יהוצדק האט מיר בייגעשטימט און מיר האבען זיי רונד אבגעזאגט, אז מיר ווילען ניט זייער שותפות. דא זענען אונז די שומרונים געווארען גרויסע שונאים, און האבען אויף אונז אלע מעגליכע העטצען געמאכט פאר דער פערזישער רעגיערונג. כורש אליין איז דאמאלס געוועזען פארדרייט דער קאפ מיט זיינע גרויסע מלחמות. זיינע גובערנאטארען האבען געהערשט אין זיינע מדינות און געטהון אלעס וואס זיי האבען נור געוואלט און האבען אונז שטארק געדריקט. דערווייל איז כורש געשטארבען, און זיין זוהן קאמביזעס איז אויך געוועזען אזוי פארנומען מיט מלחמות ווי זיין פאטער. מיר האבען זיך צו איהם ניט געקענט דערשלאגען. דערווייל איז אנגעקומען אויף אונז א נייער דאנאס פון די שומרונים, און מיט אמאל איז אנגעקומען א בעפעהל מיר זאלען אונזערע ארבייט פון בית המקדש איינשטעלען. פופצעהן יאהר איז די ארבייט געווען אונטערבראכען, ביז קאמביזעס איז געשטארבען, און ווייל ער האט ניט איבערגעלאזען קיין זוהן וועלכער זאל זיין מלוכה ירשענען, האבען אלע פערזישע מאגנאטען אויסגעקליבען דען בעריהמטען פעלדהערן דריוש היסטאספעס, און איהם צום קעניג געמאכט. דא האב איך מיך דערמאנט ווי גוט און פריינדליך ער איז צו מיר אמאל געוועזען אלס ער האט געפיהרט כורש'ס חיל, און האב מיך אוועקגעלאזען צו איהם, אפשר וועט ער מיר צו ליעב טהון און דעם בעפעהל מבטל זיין.

דער קעניג דריוש האט זיך מיט מיר זעהר געפרייט, האט מיך פארגעשטעלט פאר אלע זיינע הויף לייט און מיניסטארען, און האט לכבוד מיר א גרויס מאהלצייט געמאכט.

ביי א גוט גלעזעל משקה האט דער קעניג געזאגט צום עולם:
„הערט צו מיינע ליעבע לייט, איך וויל אייך פרעגען א רעטעניש, און דער וואס וועט עס טרעפען, קען פון מיר פערלאנגען וואס נור זיין הערץ וועט גלוסטען — איך וועל עס געוויס ערפילען".

— „דעם קעניגס ווילען זאָל געשעהען!" — ענטפערען אַלע מיט גרויס פערגניגען.

דאָ פרעגט דער קעניג: „זאָל ווער פון אייך טרעפען, ווער איז דער שטאַרקסטער פון אַלע אין דער וועלט?".

דאָ האָבען זיך געשאָטען תשובות פון אַלע זייטען. איינער זאָגט: „אונזער קעניג איז דער שטאַרקסטער — דען ער בעהערשט די וועלט". דער אַנדערער זאָגט: „דער וויין איז דער שטאַרקסטער, — דען ער שטייגט צום קאָפּ און מאַכט שוואַך די פיס, אֲפִילוּ דעם קעניגס אויך". דער דריטער זאָגט: „די פרוי איז די שטאַרקסטע, זי בעהערשט אַלע הערצער, אויך דעם קעניג בריינגט נור זי אויף דער וועלט".

ענדליך ווען אַלע האָבען שוין זייערע תְּשׁוּבוֹת געגעבען, ענטפער איך: „דאָס שטאַרקסטע און מעכטיגסטע אויף דער וועלט איז די צייט. זי קען מענשען און פעלקער ערהויבען אין אויך ערנידריגען. אַלין ווערט פון דער צייט בעלעבט און אַלין אויך פון איהר פערניכטעט".

— „ריכטיג! — רופען אַלע — ער האָט עס געטראָפען!

איך אָבער זאָג ווייטער: אָבער וויכטיגער נאָך ווי די צייט איז די וואַהרהייט, דען די צייט ענדערט זיך און דער אֱמֶת בעשטעהט אייביג. גליקליך איז דער קעניג וואָס זיין שטעמפּעל איז דער אֱמֶת, זיין רעגיערונג מוז זיין די בעסטע און זיין נאָמען פערבלייבט אויף אייביג!"

— „בראַוואָ! — רופען אַלע אויס — עס לעבע דער יודישער פאַשאַ, דער גרעסטער חָכָם!"

דער קעניג דָּרְיָוֶשׁ רופט מיר צו זיך, קושט מיר און זאָגט: איצט זאָג וואָס דו פערלאַנגסט, איך וועל וואָרט האַלטען!"

דאָ האָב איך מיך פאַר איהם צו דער ערד געוואָרפען און אויסגערופען: „נור איין קליינע ביטע האָב איך צו מיין גנעדיגען הערן: ער זאָל גיט'גסט בעפעהלען, מען זאָל ערנייערן די ערלויבעניש וועלכע קעניג כּוֹרֶשׁ האָט געגעבען: צו בויען אונזער גאָטעס הויז אין יְרוּשָׁלַיִם. שוין פופצעהען יאָהר איז די אַרבייט איינגעשטעלט צו ליעב אַ פאַלשען דאָנאָס, וואָס אונזערע פיינד האָבען אויף אונז געגעבען".

דער קעניג ווערד טיעפזיניג און זאָגט: „פון דער מְסִירָה ווייס איך; דאָס איז אַנגעגעבען פון גרויסע וויכטיגע פערזאָנען און איינגעפיהרט אין אונזער קעניגליכען אַרכיוו. אָבער איך מוז האַלטען מיין וואָרט און וועל דאַהער בעפעהלען, מען זאָל אין דעם אַרכיוו אַרויסזוכען דעם בעפעהל פון כּוֹרֶשׁ'ן וועגען די יודען, אויב עס וועט זיך דאָרט געפינען די ערלויבעניש אייער גאָטעס הויז צו בויען, אַזוי ווי דו זאָגסט, וועל איך עס בעשטעטיגען".

אַ לאַנגע צייט האָבען די קעניגליכע שרייבער געזוכט דאָס פּאַפּיער אין אַרכיוו פון בבל אונ נישט געפונען. איך האָב שוין דען מוטה פערלאָרען אונ שיער מיינע האָפנונג אויפגעגעבען. אָבער גאָט איז מיר געוועזען צו הילף! דאָס פּאַפּיער האָט זיך אַרויסגעפונען אין אַלטען אַרכיוו אין עקבאַטאַנאַ, די הויפּטשטאָדט פון מָדַי, וועלכע איז געוועזען די פריהערדיגע רעזידענץ פון פערזישען קעניגרייך. קעניג דָּרְיָוֶשׁ האָט וואָרט געהאַלטען און די ערלויבעניש ערנייערט מיט גאַנץ בעזונדערע גנאַדע. ער האָט צוגעגעבען דעם פונקט, אַז די קעניגליכע קאַסע זאָל מיטטראָגען די קאָסטען פון בִּנְיָן אין געבען פערשידענע נְדָבוֹת אויף די הוֹצָאוֹת פון דעם גאָטעס־דיענסט אין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. און ווער עס וועט זיך אַרויסשטעלען די יודען צו שטערען אין זייער רעליגיעזער אַרבייט, זאָל שטרענג בעשטראָפט ווערען.

פרעהליך און גליקליך האָב איך מיך צוריקגעקעהרט קיין ירושלים. איך האָב אויך מיטגעבראַכט זְכַרְיָהוּ הַנָּבִיא, און צוזאַמען מיט חַגַּי הַנָּבִיא און דעם כֹּהֵן גָּדוֹל יְהוֹשֻׁעַ בֶּן יְהוֹצָדָק האָבען מיר זיך ערשט רעכט גענומען צו דער אַרבייט. נאָך פיער יאָהרען האָבען מיר אונזער אַרבייט געענדיגט. אויפ'ן דריטען טאָג פון חודש אֲדָר האָבען מיר אין נייעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אונזער ערשטען גאָטעס־דיענסט געהאַלטען. אַלע וואָס זענען צוריק געקומען פון גָלוּת האָבען זיך אין דעם טאָג פערזאַמעלט אין יְרוּשָׁלַיִם, צו זעהען די הייליגע צערעמאָניע. די כֹּהֲנִים האָבען געבראַכט קָרְבָּנוֹת, די לְוִיִּים האָבען געזונגען און געשפּיעלט אונ מיר אַלע האָבען זיך זעהר געפרייט און אויסגערופען דעם פָּסוּק פון הַלֵּל: זֶה הַיּוֹם עָשָׂה ה', נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בוֹ". (דעם טאָג האָט אונז גאָט פערשאַפט, מיר זאָלען אין איהם פרייליך און לוסטיג זיין). נאָך איניגע וואָכען, אַז ס'איז אָנגעקומען דער הייליגער פֶּסַח, דער יוֹם טוֹב וואָס דערמאָנט אונז די נִסִּים פון אונזער ערשטער ערלעזונג פון מִצְרַיִם — דאָ האָבען מיר זיך ערשט רעכט געפרייט מיט אונזער נייער בעפרייאונג. מיר האָבען אַלע געוויינט פון שִׂמְחָה און פון טיעף גערידהרטען הערצען גאָט געדאַנקט אין זיין הייליגען אָרט, אין נייעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ.

דאַמאַלס איז געוואָרען 70 יאָהר ווי מיר זענען אַוועק געפיהרט געוואָרען אין גָלוּת, ס'איז געקומען די ריכטיגע צייט וואָס די נביאים האָבען אונז בעשטימט צו אונזער בעפרייאונג און אונזער צוריק־קעהרונג אַהיים, און די פרייליכע נאַכריכט האָט ערקלינגען אין אַלע לענדער, אַז גאָט האָט זיין פאָלק געהאָלפען און האָט עס ווידער אין זיין הייליג לאַנד געבראַכט. ווי טייבעליך צו זייער טויבענשלאַג האָבען געאיילט אונזערע ברידער נאָך ארץ ישראל פון אַלע ערטער וואו זיי זענען פערשליידערט געוואָרען אין די פריהעריגע שלעכטע צייטען. די צעפאַלענע הייזער זענען אויפגעריכטעט, די חורבות זענען אָבגעבויעט, די פערוויסטעטע ערד פערזעעט און פערפלאַנצט. דאָס לאַנד האָט אָבגעלעבט און עס איז געוואָרען ליכטיג און פרעהליך אין אַלע ווינקעליך, אויף אַלע יודישע געזיכטער, די היידנישע פעלקער האָבען ערקענט די מאַכט פון אונזער גאָט און די נסים וועלכע ער טהוט מיט זיין געליעבטעס פאָלק.

איניגע יאָהרען זענען פאַראיבער, אונזערע אַלע יודען האָבען געווענדעט זייערע אויגען אויף מיך, זיי האָבען געוואָלט זעהן אַ פירשט פון מַלְכוּת־בֵּית־דָּוִד טהוט זייער פאָלק רעגיערען. איך אָבער בין געווען פון אַ גאַנץ אַדערע מיינונג: איך האָב ריכטיג איינגעזעהן, אַז פאַר דעם קליינעם פאָלק, וועלכעס איז איצט אַדוים פון קנעכטשאַפט און די קעטען פון גלות נאָך ניט גאַנץ אַראָפּגעלעגט פון זיך, פאַר דעם אָרמען צעדריקטען פאָלק איז נאָך ניט די צייט פּאָליטיק צו שפּיעלען; אום אַ פרישעם פאָלק צו זיין מוז עס צוערשט זיך זעלבסט ווידערערקענען, און אַלע קנעכטישע געוואָהנהייטען פון זיך אָבלייגען. אין זיינעם יעצטיגען צושטאַנד דאַרף ער גוטע ערציעהונג נעטהיגער אַלס פירשטליכע הערשאַפט, איהם זענען גוטע לעהרער פיעל נעטהיגער אַלס שטאָלצע פְּקִידִים, ליעבער שולען אַלס קאַזמאַרען. דען ניט מיט קראַפט, ניט מיט מאַכט קען אונזער פאָלק איצט אויפקומען, נאָר „מיט דעם געטליכען גייסט", מיט ריינער יודישער בילדונג. אום אוים צו ווייכען אַלע פּאָליטישע אינטריגעס, וועלכע קענען אונזערע פיינדע געלעגענהייט געבען אויף אונז ווייטער צו העטצען, האָב איך מיך ענטשלאָסען, זיך פון דער הערשאַפט גאַנץ צוריקצוציעהען, און האָב די גאַנצע דֵעָה אָבגעגעבען יהושע בן צדוק, ער זאָל דאָס פאָלק פיהרען, ער זאָל זיך דאַרויף בעמיהען, גוטע שרייבער און לעהרער אויסצוזוכען, וועלכע זאָלען דאָס פאָלק בילדען, דעם יודישען גייסט שטאַרקען, אום זיי זאָלען זיך ניט לאָזען פערפיהרען פון דער פאַלשער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע וויל ליבער מיט די שומרונים איין האַנד מאַכען, אָדער גאָר מיט די געטצענדיענער, אונזערע שכנים, און לעבען אויפ'ן אַלטען היידנישען שטייגער. אונזער פאָלק דאַרף קיין מאָל ניט פערגעסען, אַז אַלס יודען זענען מיר די גרעסטע מְיוּחָסִים, אונזערע אמת'ע אַריסטאָקראַטיע ליעגט אין דעם גרויסען יחוס פון אונזערע אָבוֹת, פון אברהם אבינו אָן, אָבער אַלס היידען (גאַנצע אָדער האַלבע — דאָס איז שוין אַלס איינס, דען פון האַלבע ווערען דערנאָך גאַנצע), אָהן יודישקייט, אָהן צוזאַמענהאַנג מיט אונזער אַלטער היסטאָריע, זענען מיר די געמיינסטע, קליינסטע, אָרימסטע אוּמָה פון דער וועלט, און אפילו גאָר קיין אומה נישט — דען אין איין פאָר דוֹרוֹת קענען מיר אויף דיעזער אָרט פערמישט און פער־שלונגען ווערען צווישען אַלע אַנדערע פעלקער, — דאַן מעגען מיר אונזערע שענע תּוֹרָה אָבשיקען אויף דעם באַרג סִינַי, ווייל עס וועט ניט זיין ווער עס זאָל זי פערשטעהן און מְקַיֵּים זיין וואָס דאָרט שטעהט.

אַזוי האָב איך מיך צוריקגעצויגען פון מיין טהייערע היימאַטה און צוריק־געגאַנגען נאָך בָּבֶל, אום זיך אין קעניגליכען האָף צו געפונען און דאָרט פערהיטען פון מְסִירוֹת און העטצעס וואָס קענען חַס־וְשָׁלוֹם

אויף אונזער פאלק און לאנד געבראכט ווערען. דער קעניג האט מיך זעהר גוט אויפגענומען, און האט מיך געמאכט צום פירשטען איבער אלע אונזערע ברידער אין בבל. אין די פיער יאהר וואס איך בין דארט האב איך ברוך־השם פיעל בעזעס פערהיטעט און פיעל גוטעס געטהון פאר אונזערע אלע ברידער, ווי פאר די וואס זיטצען אין בבל אזוי אויך פאר די, וועלכע וואהנען אין אונזער טהייערן ליעבען הייליגען פאטער־לאנד. מעגע עס מיר גאט צו גוטען געדענקען!

מיין ליעבער זוהן! איך לאז דיר ניט איבער קיין קרוין, קיין קעניגליכען שטוהל, דען עס איז נאך די צייט דערצו נישט געקומען. איך לאז דיר נור איבער גאר א קלייניגקייט צום אנדענקען: דיעזע שריפט און די קעלניע, מיט וועלכער איך האב געארבייט אלס קנעכט אן דער מויער פון מדי און אלס פרייער מאנן אן דער מויער פון דער הייליגען שטאדט ירושלים. פוןביידע ווערסט דו זיך א שענעס מוסר געהמען, ווערסט ערפאהרען אז אונזער פאלק האט פערשיעדענע צייטען איבערגעלעבט. ווערסט אויך וויסען, אז אונזער ערהאלטונג אויף דער וועלט בעשטעהט נור אין אונזער יודישער ערציעהונג, א אייגען שטיקעל לאנד מוזען מיר האבען, דען אין דער פרעמד איז קיין מאל נישט גוט צו זיין, אפילו פאר איין מענשען, און בפרט פאר א גאנצע אומה. מיר זענען קיין מאל נישט זיכער זיך אלס יודען צו ערהאלטען. איז אונז אין דער פרעמד גוט, איז די יודישקייט אין געפאהר, איז וויעדער שלעכט, זענען מיר אלין אין סכנה. צו יעדער צייט קען זיך גאר לייכט געפינען א צווייטער בלשצר וואס וועט זאגען: „בבל איז פאר די בבלאניער, ניט פאר פרעמדע". פרעמדע ווערען גערעכענט אלס שטיפקינדער, פאר זיי ווערען בעשאפען גזרות, כדי זיי זאלען שטעהן נידריגער ווי די אייגענע קינדער און גזירות האבען קיין שיעור נישט. דארום זאג איך, עס איז קיין תכלית ניט אין דער פרעמד צו זיין. איך בין מעהר זיכער מיט דאס ביסעל יודען וואס זיטצען איצט אין אונזער ארץ ישראל, אלס מיט דער גרויסער מענגע פון די וואס זענען געבליבען אין בבל. די עשרת־השבטים זענען פון אונז פערלארען געווארען אין דער פרעמד — ווייס גאט וואס מיט דער צייט וועט פון די יודען אין בבל נאך ווערען! בודאי וואלט גוט זיין ווען מיר זאלען זוכה זיין איין אייגענע מלוכה אין אונזער לאנד צו גרונדען; אבער מיט געוואלט טארען מיר עס ניט מאכען, כל־זמן עס איז די צייט דערצו נאך נישט געקומען. „ניט מיט קראפט, ניט מיט מאכט" וועלען מיר אונזער וועלט אויספיהרען, נאר „מיט דעם געטליכען גייסט". היט דיעזע שריפט אלס ירושה פאר קינדס־קינדער, און מיט דער צייט, ווען עס וועט עטוואס וויכטיגעס אין אונזער פאלק טרעפען, זאלסט דו אדער דיינע קינדער נאך דיר דאס זעלבע טהון ווי איך, און אלעס פערשרייבען צום עוויגען אנדענקען. און זא זאל זיך עס פיהרען אין אונזער פאמיליע, ביז עס וועט קומען די גוטע צייט, ווען גאט וועט אונז גאנץ בעפרייען, און איינעם פון דוד המלך'ס נאכקומען אלס „משיח" אויף דעם יודישען טהראן זעטצען — דאן וועט א זאלכער שוין ניט דארפען זאלכע שריפטען מאכען, דאן וועלען שוין אנדערע זיך געפינען, וועלכע וועלען זיינע מעשים אין דער גרויסער וועלטגעשיכטע אויף עוויגע־עוויגקייטען פערשרייבען.

(פארטזעטצונג קומט).

# אין א אסיען־נאכט.

שרעקליך פינסטער ... ווינט און רעגען...
אויפ'ן הימעל — ניט קיין שטערען!
קויטיג, זומפיג אלע וועגען, —
אך! ווען וועט עס טאג שוין ווערען?

וועלף און הינט דארט וואיען, בילען,
און די וועג איז לאנג — סכנה!
נאר — אהיים!... ווי שטארק דאס ווילען...
אך, מיין מוטער, די אלמנה —

ווי שוין מוז זיך איהר דארט וועלען,
אנצוקוקען דעם פערשפארטען...
גיין! איך טאר זיך ניט אפשטעלען,
גיין, איך וועל ביז טאג ניט ווארטען!...

זאל דער ווינט זיך ניט איינשטילען,
זאל זיין פינסטער, זומפף און רעגען,
זאלען וואיען, זאלען בילען
וועלף און הינט דארט אויף די וועגען, —

זאל זיך!... מיך וועט עס ניט שרעקען —
לאנג בעקאנט איז מיר דער נגון...
כ'האב אין האנד א צויבער־שטעקען, —
אלס וועל איך מיט איהם בעזיעגען!...

פיעל בין איך שוין בייגעשטאנען,
גרויסע וואונדער פייזט ער, טהוט ער —
בצויים וואוהין איך געה, פון וואנען...
יא, איך געה צו דיר מיין מוטער!...

ארעסא, מנחם מענדל הורוויץ.

## די יודישע וועלט.

עסטרייך. *** דער עלילת־דם פון פאלנא בעשעפטיגט נאך אלס דאס גאנצע לאנד, איבערהויפט אין בעהמען האבען די אנטיסעמיטען דורך וויער אגיטאציאן און דער געריכטסהאף פון קוטטענבערג דורך דעם משפט פון הילזנער דעם המון־עם אזוי שטארק אנגעדולט דעם קאפ, אז יונג און אלט, געבילדעטע און פראסטע לייט, גלויבען הייליג, אז דער בלבול איז אמת. פון פערשיעדענע בעהמישע שטעדט הערט מען וואונדערליכע מעשות וואס קעהרען זיך אן מיט דעם עלילת־דם, און בעווייזען ווי גרויס די שנאה איז און ווי געפעהרליך די אנטיסעמיטישע אגיטאציאן איז דארט פערברייטעט. אין א קליין בעהמיש שטעדטיל נעבין אלמיטץ האט ביי א יודישער משפחה געדיענט א קריסטליך מעדעל. זי האט געווארפען א אום־הן אויף איהר חתן און איז עריגץ אוועק געפאהרען און האט געבעטען אירר בעל הבית'טע אז זי זאל דעם חתן נישט אויסזאגען ווי זי איז. דער חתן האט זיך דערפאר נוקס געוווען און האט אין גאנצען שטעדטיל געמאכט א בלבול אז ער האט אליין געזעהן מיט זיינע אויגען ווי דער יודישער בעל הבית איז געשטאנען נעבען פלויט פון גארטען אנגעטהון אין טלית און דאס דיענסט־מעדעל געשאכטען. דאס מעדעל שרייבט אפילו אפטמאל בריעף צו איהרע בעקאנטע, נאר פונדעסטוועגען איז דער המון פון דעם שטעדטיל שטארק אויפגערעגט און די מייסטע קריסטליכע דיענסטען זאגען זיך אפ פון דעם דיענסט ביי יודען, ווייל זיי האבען מורא...

אין איין פראגער צייטונג דערצעהלט איין בעהמישער יוד פונ'ם שטעדטיל ה. אז זיין יונגעל און נאך 2 יודישע יונגליך וועלכע זענען אין איין קלאס מיט 70 קריסטליכע קינדער ווערען דארט שטארק געפייניגט און געשלאגען פון זייערע חברים, און ווי באלד זיי נעהמען זיך עסען דעם אנבייסען ווערד אין קלאס א געוואלד און א ליארם, אז דאס ברויט וואס זיי עסען איז געמאכט מיט קריסטען־בלוט.

דאס אינטערעסאנטעסטע איז וואס די אנטיסעמיטען, וועלכע הערען נישט אויף די יודישע רעליגיאן צו בעווארפען מיט בלאטע, רעכנען נאך זיך פאר בעליידיגטע און בעקלאגען זיך אויף יודען. פאריגע וואך זענען אין וויען

געוועזן 2 גרויסע פראָטעסט-פערזאַמלונגען: פון דער יודישער קולטוס-געמיינדע און פון דעם „יודישען פאָלקס-פעראיין". ביי דער אסיפה פון קהל האָט דער ראַבינער ד"ר גידעמאַן נאָכגעוויזען מיט פיעלע דאַטען אויס דער געשיכטע פון עלילת-דם, וויפיעל פון די גרעסטע פעפסטע און בישעפע האָבען אויסדריקליך פערבאָטען חושד צו זיין די יודען אַז זיי דאַרפען קריסטענבלוט. ער האָט בעוויזען אויס דער געשיכטע, אַז אַ סך מעשות וועלכע ווערען דערצעהלט ווי יודען האָבען געשאָכטען קריסטענקינדער האָבען זיך דערגאַנגען בעוויזען פאַר שקר און פיעל מאָל האָט מען די אַנגעקלאַגטע יודען דורך ענוים קשים, דורך די שרעקליכסטע יסורים דערצו געצוואונגען מודה צו זיין, ווייל עס איז זיי ליעבער געוועזן דער טויט, איידער אַזעלכע יסורים צו ליידען. אַזוי איז געוועזן מיט דעם יונגעל שמעון פון טריענט, וואָס יודען האָבען אויף דער פאָלטער-באַנק מודה געוועזן אַז זיי האָבען איהם געהרג'ט און אַ יאָהר שפעטער האָט זיך געפונען דער אמת'ער מערדער, אַ קריסט. אַזוי איז אויך געוועזן ערשט פאַר 60 יאָהר אין דמשק. עטליכע פון די אַנגעקלאַגטע יודען האָבען נישט געקענט אויסהאַלטען די יסורים און האָבען מודה געוועזן. די דרשה פון ד"ר גידעמאַן האָט געמאַכט אַ גרויסען רושם און די אַנטיסעמיטען זענען שטאַרק אריין אין כעס. זיי זאָגען אַז ד"ר גידעמאַן האָט בעליידיגט די קאַטאָלישע רעליגיאָן דערמיט, וואָס ער בעהויפטעט אַז שמעון פון טארענט איז נישט פון יודען געהרג'ט געוואָרען און זיין בלוט איז נישט גענומען געוואָרען צו מצות. זיי האָבען דעם ראַבינער געקלאַגט פאַר'ן שטראַף-געריכט פאַר בעליידיגונג פון דער קאַטאָלישער קירכע און די קלאַגע איז פון פיעל אַנטיסעמיטען אונטערשריעבען געוואָרען. יודען קוקען ארויס אויף דעם פראָצעס ווייל דאָ וועט נאָך איינמאָל זיין אַ געלעגענהייט ביים געריכט צו בעווייזען דעם שקר פון עלילת-דם, אַזוי ווי ער איז פאַר עטליכע יאָהר בעוויזען געוואָרען אין פראָצעס פון ראָהלינג אַקעגען ד"ר בלאָך.

דערווייל האָבען מעהרערע צייטונגען געבראַכט אַ ידיעה, אַז דאָס פראַגער געריכט איז איצט בעשעפטיגט מיט דער אונטערזוכונג ביי דער מוטער און דעם ברודער פון דעם געהרג'טען מעדעל, ווייל מען איז שטאַרק חושד איהר אייגענעם ברודער, אַז ער האָט זי געהרג'ט, כדי ער זאָל איהר נישט דאַרפען אויסצאָהלען אַ ירושה פון עטליכע הונדערט פלאָרין.

*** אַם 18טען איז ערעפענט געוואָרען דער עסטערררייכישע רייכסראַט און באַלד דעם ערשטען טאָג האָבען די יודישע אַבגעאָרדנעטע איבערגעגעבען אַ פראַגע דעם יוסטיץ-מיניסטער: וואָס ער האָט בדעה צו טהון אַקעגען דעם פאָלנא'ער משפט, וואו מען האָט אין אַ עפענטליכער געריכטס-פערהאַנדלונג בעהויפטעט אַז דער מארד איז געוועזן אַ רעליגיעזער און דער שטאַאטסאַנוואַלט האָט דערצו מסכים געוועזן? דאַדורך הערשט אַ גרויסע אונרוהע אין גאַנצען לאַנד און יודישע בירגער זענען אין גרויסער געפאַהר. אויף דער פראַגע זענען געוועזן אונטערשריבען פיעלע דעלעגירטע אויס דעם פוילען-קלוב.

*** אין דעם טאָג וואָס מען האָט ערעפענט דעם רייכסראַט איז אין פיעל שטעדט געוועזן טשעכישע דעמאָנסטראַציאָנען אַקעגען די דייטשען, די טשעכען זענען בעז אויף דער נייער רעגירונג פאַר וואָס זי האָט אָפגעשאַפט די שפּראַכען-פעראָרדנונג, און אומעדום וואו זיי וואָהנען אין גרעסערער צאָהל פון די דייטשען מאַכען זיי גרויסע דעמאָנסטראַציאָנען און שלאָגען אויס פענסטער — ביי יודען! די דעמאָנסטראציעס האָבען זיך אפאָר טאָג שפעטער אַנגעהויבען אויף'ס ניי. אין עטליכע שטעדט האָט דער אויפגערייצטער טשעכישער המון זיך געוואָרפען אויף יודען, יודישע הייזער אַנגעצונדען, געשעפטען אויסגערויבט, פענסטער צעבראָכען. ערשט ווען די זשענדאַרמען האָבען זיך גענומען צום שיעסען, 4 מענשען געטוידטעט און מעהר פון 20 פערוואונדעט, האָבען די עקסצעסען אויפגעהערט.

*

רוסלאַנד. *** יודישע זעצער האָבען ביז יעצט געהאַט גרויסע שוויריגקייטען צו וואָהנען אויסער'ן יודישען ראַיאָן (טשערטאַ), ווייל ס'איז געוועזן אַ ספק, אויב זיי רעכנען זיך ווי בעלי-מלאכות, וועלכע האָבען דאָס רעכט צו וואָהנען אין גאַנץ רוסלאַנד. איצט האָט דער סענאַט ערקלערט. אַז זעצער זענען גלייך צו אַלע אנדערע בעלי-מלאכות און קוים בעשעפטיגען זיי זיך נור מיט זייער פאַך מעגען זיי זיצען פריי וואו זיי ווילען.

— דען 18 יוני 1892 איז ארויס אַ געזעץ, אַז די יודען וואָס זענען ניט צו געשריבען צו אַ שטאָדט אָדער אַ דאָרף אין קובאנער און טערסקער קרייז (אָבלאַסט), אין קאַווקאַז, טאָרען דאָרט ניט וואָהנען; די אָבער וואָס זענען יאָ צוגעשריבען, האָבען נאָר דאָס רעכט צו וואָהנען אין יענער שטאָדט אָדער אין יענעם דאָרף וואו זיי זענען „נכתבים"; אריבערציהען אין אַ אנדער אָרט איז זיי ניט ערלויבט. אין געזעץ שטעהט סתם יודען, האָבען די בעאַמטע געלערנט דעם פשט, אַז דאָס מיינט מען אַלע יודען, אפילו די קאַווקאַזער געבוירענע יודען, די „גאָרצעס" אָדער „ביקעס", וועלכע זיצען אין קאַווקאַז שוין פון דור-דורות, אַז איינער פון די דאָזיגע גארצעס האָט געוואָלט זיך בעזעצען אין אַ אנדער שטאָדט, האָבען איהם די בעאַמטע ניט ערלויבט. דער געוועזענער מיליטער-גענעראַל גובערנאַטאָר פון קאַווקאַז, גענעראַל שערעמעטיעוו האָט אָבער איינגעזעהן אַז אַזוי איז ניט גלייך און האָט אין זיין צייט ארויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז די גאָרצעס פון טערסקי קרייז מעגען ארומפאָהרען פון שטאָדט צו שטאָדט האַנדלען אָדער קויפען זיך גערטנער אין לאַנד אפילו ניט אין דעם אָרט וואו זיי זענען „נכתבים". איצט שרייבען די צייטונגען, אַז דער היינטיגער גענ' גוב' פירשט גאַליצין האָט בעשטעטיגט דעם בעפעהל פון גענעראַל שערעמעטיעוו, און אויסער דעם סטאַרעט ער זיך פאַר'ן קריגס-מיניסטער, צו ערלאַנגען אַ ערלויבניש פון דער רעגירונג אַז די גאַרצעס פון יענע צוויי קרייזען זאָל זיין ערלויבט וואָהנען אין גאַנץ קאַווקאַז, זיי זאָלען מעגען עפנען געשעפטען אין די דערפער פון די קאָזאַקען, נאָר מיט ווײַן און בראָנפען זאָלען זיי ניט האַנדלען.

— פון אָדעסאַ שרייבט מען, אַז דאָס קאָמיטעט פון דער געזעלשאַפט צו שטיצען יודישע קאָלאָניסטען אין פאַלעסטינאַ מאַכט שוין הכנות צו עפנען אין אָדעסאַ אַ שטענדיגע אויסשטעלונג פון פאַלעסטינער פראָדוקטען, וויין, פרוכטען, געוויקסע, האַנדאַרבייט אד"ג. יעדער וואָס וועט קומען אויף דער אויסשטעלונג און בעטראַכטען אַלע פראָדוקטען, וועט האָבען אַ גענויען בעגריף, ווי האַלט די לאַנדווירטשאַפט אין די יודישע קאָלאָניעס. פון פאַלעסטינאַ איז שוין אָנגעקומען פאַר דער אויסשטעלונג אַ גרויסע פאַרטיע פערשיעדענע וויינען, פרוכטען, גרינוואַרג, זאַמען (זריעה), פערשיעדענע תבואות און אויך אַלערליי האַנדאַרבייט פון די קאָלאָניסטען.

דער זעלבער קאָמיטעט שיקט דען בעקאַנטען שריפטשטעלער אשר גינצבערג (אחד העם) אין פאַלעסטינאַ, ער זאָל בעטראַכטען די קאָלאָניעס און אויספאָרשען גענוי זייער צושטאַנד, די רייזע וועט דויערען עטליכע מאָנאַט און קומענדיג צוריק פון פאַלעסטינאַ וועט ה' גינצבערג דאַרלעגען דעם קאָמיטעט די גאַנצע שילדערונג פון זיין רייזע.

די אָדעסער געמיינדע בעמיהט זיך, אַז אין גיכען זאָלען שוין זיין די וויבאָרעס אויף אַ ראַבינער. דער לעצטער ראַבינער איז געוועזן דער מאַגיסטער גורלאַנד, און צייט ער איז געשטאָרבען האָט די גרויסע געמיינדע ניט גענומען קיין נייעם ראַבינער אויף זיין שטעלע. אַז גראַף שוואַלאָוו איז געוואָרען שטאָדט-אָבערהויפט (גראַדאָנאַטשאַלניק) פון אָדעסאַ האָט ער בעפאָהלען, מען זאָל איהם פאָרשטעלען אַ רשימה פון די אַלע, וואָס האָבען דאָס רעכט אויסקלייבען אַ ראַבינער, די רשימה איז שוין לאַנג פאַרטיג און עס פעהלט נאָר, עס זאָלען זיין די וואַהלען. מען זאָגט, אַז די שטאָדט וויל אויסקלייבען פאַר ראַבינער דעם ה' מ. מאַזאַ פון מאָסקווי, וועלכער איז בעקאַנט פאַר אַ געלעהרטען מאַן און אויסגעצייכנעטען רעדנער.

— מיר האָבען שוין געשריבען אַז אין די יודישע קאָלאָניעס אין חערסאָנער גובערניע איז ארומגעפאָהרען אַ עקסטרער בעאַמטער רעגיערונגס-ראטה ה' יעלאַטשיץ, וועלכען דאָס מיניסטעריום האָט געשיקט, צו בעטראַכטען זייער צושטאַנד און זעהן וואָס זיי פעהלט וועגען זיין בעזוך אין קאָלאָניע לוואָווא שרייבט מען: ה' יעלאַטשיץ איז דאָרט פערפאָהרען צו אַ קאָלאָניסט אויף סטאַנציע. דאָס ערשטע איז ער געגאַנגען אין שוהל, פון דאָרט — אין דער שולע. ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דעם צושטאַנד פון דער שולע און אויסגעפרעגט דעם לעהרער אויב די קינדער לערנען גוט און פלייסיג וכדומה, נאָכדעם איז ער ארויסגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב, בעטראַכט ווי קאָלאָניסטען לעבען און וועלכע בעלי-בתישקייט זיי האָבען. בעזאָנדערס האָט ער זיך זעהר אינטערעסירט מיט די אָרימע קאָלאָניסטען, וואָס האָבען ווייניג לאַנד, ער האָט זיי גענוי אויסגעפרעגט ווי זיי לעבען. ה' יעלאַטשיץ האָט אויך בעטראַכט די גערטנער פון די קאָלאָניסטען. דאָס גוטע אויסזעהן פון די יודישע ערד-ארבייטער, די אויסגעצייכענטע בעאַרבייטונג פון די גערטנער, די אָרדנונג פון אינווענטאַר, די ריינקייט אין די הייזער און שפייכלער האָבען געמאַכט אויף דעם בעאַמטער אַ גוטען איינדרוק; ער האָט די קאָלאָניסטען געלויבט און פערשפּראָכען, זיי העלפען און טהון טובות ווי ווייט מעגליך.

— מיר האָבען שוין געשריבען אַז עס פראָיעקטירט זיך גרינדען אַ לאַנדווירטשאַפטס-שולע אין דער יודישער קאָלאָניע „באָבראָווי קוט". דער פראָיעקט וועט ווערען אויסגעפיהרט, אָבער די שולע וועט ניט זיין אין באָבראָווי קוט. דען 16-טען אויגוסט איז אין דער קאָלאָניע „נאָוואָ פאָלטאַווקאַ" געקומען אַ קאָמיסיע און בעטראַכט אַלע פלעצער און ס'איז געבליבען בהסכם אַז קיין בעסער אָרט פאַר דער שולע קען גאָר ניט זיין. נאָוואָ-פאָלטאַווקאַ האָט גענוג וואַסער, איז נאָהענט פון אייזענבאַהן, האָט גענוג ערד, און די שולע קען דאָ אויפבליהען.

אין דער דאָזיגער שולע וועלען לערנען לאַנדווירטשאַפט ביז 60 יונגע לייט, ערד צו פראַקטיצירען גיט די רעגירונג 300 דעסיאַטין. קינפטיגעם יאָהר אין פריהלינג וועט מען שוין אָנהייבען בויען די געביידען.

— אין די נייע געזעצע וועגען האַנדעל און אינדוסטריע געפינט זיך איין פאַראַגראַף (דער 120-סטער) וועגען אויסלענדישע יודישע סוחרים; דער פאַראַגראַף איז געשריבען ניט זעהר דייטליך און מען קען אין איהם לערנען אַ פשט, אַז יודישע סוחרים פון אויסלאַנד האָבען גאָר קיין רעכט ניט צו קומען האַנדלען אין רוסלאַנד. יעצט האָט די דייטשע אָפיציעלע קאָמיסיע, וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט דעם האַנדעלס טראַקטאַט צווישען דייטשלאַנד און רוסלאַנד,

מוריע געוועזן פון א גאַנץ זיכערע קוועלע, אז דאס נייע געזעץ האט קיין שום נייעס ניט אויפגעטהון וועגען די אויסלענדישע יודען. די יודישע אויסלענדישע רייזענדע (קאמי-וואיאזשער) בעקומען אויף היינט א ערלויבניש אריינפאהרען אין רוסלאנד אויף א קורצע צייט, מאכען געשעפטען. די ערלויבניש בעקומען זיי פון דעם רוסישען קאנזול, און זיי ברויכען זיך גאר ניט ווענדען צום מיניסטער.

— דער אנטיסעמיטיזמוס, ד"ה די שנאה צו יודען, איז אין די לעצטע יאהרען זעהר פארשפרייט געווארען צווישען די פוילען. אמאל, מיט 10 יאהר צוריק, איז נור געוועזן א פאר צייטונגען אין ווארשא, וועלכע האבען גערעדט שלעכטס אויף יודען; יעצט געפינען זיך אפשר נור א צוויי-דריי צייטונגען וואס בעפאלען אונז ניט (קיין גוטס רעדען זיי אויך ניט), און די אלע איבריגע צייטונגען זענען אפענע אדער פערבארגענע אנטיסעמיטען. עס איז אלזא קיין וואונדער ניט, אז דאס פאלק וואס לעזט טאג-טעגליך אלערליי זידלערייען און בלבולים אויף יודען ווערט אנגעזאפט מיט דער שנאה, און דער צושטאנד פון יודען ווערט אלץ ערגער. אפילו פון די פוילישע בעדער (קור-ערטער) קומען ידיעות, אז די יודישע געסט, וועלכע קומען אהין זיך קורירען, ליידען זעהר פון דער שנאה און אויף יעדען טריט מוזען זיי הערען זידלערייען. אט שרייבט מען, למשל, פון באד נאלענטשאוו (ביי לובלין), אז אין באדע-אנשטאלט זענען געמאכט געווארען צוויי אבטהיילונגען, I קלאססע פאר „פיינע מענשען", און II קלאססע נור פיר יודען. דער יודישער גאסט מעג געהן געקליידעט ווי א מאגנאט, וועט מען איהם אין דער ערשטער קלאססע ניט אריינלאזען. אין די קאבינעטען פון די דאקטוירים, אז עס קומט א יוד אין א לאנגער קאפאטע, מוז ער ווארטען ביז צום סוף און זיין דער לעצטער, אבוואהל ער איז געקומען דער ערשטער. איינער פון די דאקטוירים וויל גאר אין גאנצען קיין יודישען חולה ניט אריינלאזען צו זיך. מאכט מען א מאל א באל אדער א טאנץ-אווענד און עס ווייזט זיך דארט א יוד, אפילו איירעפעאיש געקליידעט, האט ער חרפות-ביושים. אויף דער סצענע שפילט מען פיעסע; וואס מאכען חוזק פון יודען. עס קומט אויס, אז דער יוד וואס פאהרט אין נאלענטשאוו פ א ר ב ע ס ע ר ע ן זיין געזונד, מוז נאך דארט פארלירען דאס רעשט ביסעל געזונד וואס ער האט געבראכט...

— די פוילישע אנטיסעמיטישע צייטונג „ראלא", שרייבענדיג א גיפטיגען ארטיקעל ביי דער געלעגענהייט ווען ס'איז געקומען די ידיעה, אז דרייפוס'ען האט מען צום צווייטען מאל פערמשפט ווי א שפיאן, האט זי דערצעהלט א „אמתע" מעשה: אז אלע רבנים און קהל אין יעדער שטאדט ביי אונז האבען איינגעפיהרט: יעדער יוד זאל געבען צושטייער פאר דרייפוס'ס משפט, א ערך 2 קאפ' פון יעדע 10 רובעל וואס ער פערמאגט. אין דעם שטעדטיל גראדזיסק, ביי ווארשא — האט ווייטער די „ראלא" דערצעהלט — האט קהל אויפגעקליבען גאנצע דרייטויזענד רובעל און אוועקגעשיקט אין פראנקרייך, צו פיהרען די מלחמה פאר דרייפוסען. די דאזיגע ערצעהלונגען זענען באלד אפגעדרוקט געווארען אלס פאקט אין אנדערע צייטונגען, צווישען זיי אויך אין דער אפיציעזער צייטונג „ווארשאווסקי דניעווניק", וועלכע האט נאך צוגעגעבען א שארפען פירוש, ווי קהל האט אזא שטארקע ממשלה איבער יודען און ווי אלע יודען האלטען זיך איינס א. ד. ג. דאס האט בעוועגט די פארשטעהער פון ווארשאווער געמיינדע זוכען מיטלען אפלייקענען דעם בלבול. און נאך פיעל מיה האבען מיר געהאט די סאטיספאקציע לעזען אין דעם זעלבען „ווארשאווסקי דניעווניק" א בריף פון גראדזיסקער פארשטעהער, וועלכע ווייזען אויס, אז אין דער גאנצער געשיכטע איז ניטא קיין ווארט אמת. „קהל" איז אין פוילען בטל געווארען נאך אין יאהר 1821. עס איז נור געבליבען א „באזשניצני דאזאר" וואס פיהרט די יודישע זאכען אונטער א שטרענגער קאנטראלע פון די רעגירונגס-בעאמטע. די רבנים מישען זיך גאר ניט אין עטאט-זאכען און איבערהויפט האט מען ערגיץ קיין גראשען ניט געגעבען אויף דער מלחמה צו בעפרייען דרייפוס'ען.

הלואי וואלטען אונזערע געמיינדעס און פארשטעהער געזעהן אימער אפלייקענען מיט אמת'ע פאקטען די בלבולים וואס אונזערע שונאים טראכטען אויס, דאמאלס וואלט דאס פובליקום, וועלכעס לעזען די אנטיסעמיטישע צייטונגען, ארויסגעזעהן אז מען האדעוועט עס נור מיט ליגענס און פאלשקייט.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז א „פאדמייסטער" אדער געזעל פון א בעל-מלאכה, וועלכער וואהנט אין א בעזונדער וואהנונג פאר זיך און ניט ביים מייסטער אין שטוב, קומט איהם ניט דערפאר ארויסטרייבען פון שטאדט וואו יודען איז ניט ערלויבט צו וואהנען. אויך האט דער סענאט ערקלערט, אז דער געזעל וואס פאהרט ארויס פון שטאדט אויף א קורצע צייט, מיט'ן מייסטערס וויסען, הייסט דאס ניט: ער האט אויפגעהערט ארבייטען און עס קומט איהם ניט דערפאר ארויסטרייבען.

— מיר האבען שוין געשריבען, אז דער סענאט האט געפסק'ט סקאסירען דעם בעפעהל פון געוועזענעם פטרבורגער גראדאנאטשאלניק, צווינגען יודען אויסשרייבען אויף די שילדען פון זייערע געשעפטען זייער ג א נ צ ע ן יודישען נאמען „יאסעק, מאשעק, שמול" וכדומה. דער סענאט האט ערקלערט, אז אזא בעפעהל האט קיין שום גרונד ניט לויט די געזעצע. — אזא פאל איז יעצט אויך פארגעקומען אין ווארשא. א יודישער באנקיר האט ניט געוואלט פאלגען דעם בעפעהל פון געוועזענעם אבערפאליציימייסטער גענעראל קלייגעלס ארויסשרייבען אויפ'ן שילד זיין גאנצען נאמען. די פאליציי האט איהם אנגעקלאגט פאר'ן שיערם-ריכטער (מיראוואי) און דער ריכטער האט איהם בעשטראפט. דער באנקיר האט דערלאנגט א אפעלאציע אין ס'יעזד און האט דארט אויך פערשפילט, האט ער אנגעגעבען צום סענאט. יעצט איז אנגעקומען א טעלעגראמע פון פעטערבורג, אז דער סענאט האט איהם בעפרייט פון יעדע שטראף, ווייל ער האט גאר ניט געזינדיגט. דער יודישער סוחר, באנקיר אד"ג איז גאר ניט מחויב ארויסשרייבען אויפ'ן שילד זיין גאנצען נאמען; ער מעג שרייבען נור דעם ערשטען בוכשטאב, ווי די קריסטען טהוען אויף זייערע שילדען.

*

**דייטשלאנד.** ⁂ דער „דייטשער פאלעסטינא-פעראיין" האט ארויסגעגעבען א בעריכט, אין וועלכען עס געפינט זיך א אינטערעסאנטע רייזע-בעשרייבונג. דער רייזענדער ב. בויער דערצעהלט פאלגענדעס: זעהר איבערראשט און דערפרעהט פיהלט זיך א רייזענדער ווען ער זעהט אין פאלעסטינא די פיעלע יודישע קאלאניעס, וועלכע ווערען וואס א יאהר ארום גערינגעלט מיט א גרעסערען קראנץ פון גרינע ווייגגערטען, טונקלע אראנזשען-גערטען און אנדערע פלאנצונגען, ס'איז א אמת פערגניגען צו זעהן די לאנגע גרינע פעלדער, וועלכע גלענצען אין ליכט פון דער זון, און אין מיטען זיי די ווייסע שיינע הייזער". דערזעלבער רייזענדער שרייבט, אז דאס פאהרען דארט איזט איצט נישט מעהר אזוי געפעהרליך ווי אין פריהערדיגע צייטען, וואס מען פלעגט מורא האבען פאר די בעדואינען. ער אליין האט אמאל גענעכטיגט אויפ'ן פרייען פעלד צווישען עזה און אשקלון, זיין פערד אנגעבונדען אין זיין האנד. דער פארטשריט פון דער קולטור פערטרייבט פון דארט די אלטע, ווילדע זיטען און געוואהנהייטען.

⁂ אין ברעסלוי האט זיך פאר אפאר טעג געטראפען אזא מעשה א פויליש-יודישער סוחר פון דער פרעמד איז געגאנגען פון דעם באהנ-האף און האט געפיהרט ביי דער האנד זיין קליין מעדעל פון א יאהר 4. פלוצים איבערפאלט איהם א קריסטליכע פרוי און פרעגט איהם וועמענס קינד דאס איז. דער יוד האט געענטפערט אז דאס איז זיין אייגען קינד. די פרוי האט אנגעהויבען שרייען ער זאל אפגעבען דאס קינד ווייל דאס איז נישט זיינס, נאר א קריסטליך געגנב'ט קינד וואס ער וויל עס שעכטען און נעהמען דאס בלוט צו די מצות. אויף דעם ליארם וואס די פרוי האט געמאכט זענען זיך צונויפגעלאפען א מענגע מענשען און הונדערטער פון זיי זענען נאכגעלאפען דעם יודען מיט זיין קינד וועלכע זענען פון איין שוצמאן בעגלייט געווארען אין זייער האטעל אריין.

⁂ די „חברה פיר יודישע געשיכטע און ליטעראטור" האט דעם ווינטער פריהער ווי תמיד אנגעהויבען צו האלטען איהרע פארטרעגע. דען 2 אקטאבער איז געוועזן אין פראנקפורט דער ערשטער פארטראג, אויף וועלכען עס זענען געלעזען געווארען פיעלע געדיכטע פון ר' יהודה הלוי אין דייטשער איבערזעצונג.

⁂ אין מינכען איז א אנטיסעמיטישער רעדאקטער פעראורטיילט געווארען צו איין געלדשטראפע פון 50 מארק ווייל ער האט געשריעבען איין העצ ארטיקעל איבער דען „מארד אין פאלנא".

⁂ פון א בעריכט אין דעם בערלינער פאליציי-פרעזידיום איבער די צאהל פון קינדער וועלכע זענען פערפפליכטעט די שולע צו בעזוכען ווייזט אויס, אז אין אקטאבער 1898 האבען פון 7675 יונגליך און 4057 מעדליך נישט געלערנט קיין שום רעליגיאן 315 יונגליך און 676 מעדליך. אין ווינטער 1897/98 זענען געוועזען 5738 יונגליך, 5930 מעדליך, אהן רעליגיאנס אונטערריכט 402 יונגליך, 843 מעדליך; אין ווינטער 1898/99 — 5833 יונגליך, 5897 מערליך, אהן רעליגיאן 347 יונגליך און 644 מעדליך. די צאהלען בעווייזען, אז אין לעצטען יאהר האבען זיך מעהר קינדער בעטייליגט אין רעליגיאנס-אונטערריכט. דאס זאל האבען געפועל'ט א בעפעהל פון אונטערריכטס-מיניסטער וואס ער האט געגעבען דער יודישער קולטוסגעמיינדע.

**ענגלאנד.** ⁂ איין יודיש-ענגלישע צייטונג ברענגט איין ארטיקעל איבער יודישע פאליטיקער אין אויסטראליען, אויס וועלכען מען קען זעהן אז אין דארט האבען א גרויסע ראלע געשפיעלט און פיעל מיט געארבייט פיר די ענטוויקלונג פון דעם נייען וועלטטהייל. איינער פון די דארטיגע יודישע וויכטיגע פערזענליכקייטען איז מר' איזאקס, וועלכען מען האט צו דאנקען די נייע געזעצע געגען וואוכער אין דער ענגלישער קאלאניע וויקטאריע. אין דרום פון אויסטראליען איז א זעהר פרומער יוד, מר' סאלאמאנס דער אנפיהרער פון דער פארטיע געגען דער רעגיערונג און מען האפט אז ער וועט באלד ווערען מיניסטער-פרעזידענט.

⁂ אין מאנשעסטער האבען די ציוניסטען געגרינדעט א עקסטרא-פאנד אויף צו שיקען אין פערשידענע שטעדט רעדנער, וועלכע וועלען נישט דארפען פערלאנגען רייזע-קאסטען און שכירות פאר זייערע דרשות וואו זיי וועלען קומען, ווייל זיי וועט אלעס בעצאהלט ווערען פון דעם פאנד. איינער פון די בעסטע רעדנער מר' היילפערן איז איצט פון „דער חברה געשיקט גע-

ווארען אויף א רייזע איבער ענגלאנד. פון זיין אגיטאציע ערוואַרטעט מען פיעל פיר דען ציוניזם. איבערהויפט ווערד אין ענגלאַנד זעהר שטארק אגיטירט פיר ציוניזם און אין פיעל שטעדט זענען אין דער לעצטער צייט געוועזען גרויסע אסיפות.

*

**איטאליען.** *** אויף דעם אריענטאליסטען-קאָנגרעס, וועלכער איז איצט אין ראָם, האָבען אלע מיטגליעדער אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציאן: „די אריענטאליסטען וועלכע זענען פערזאַמעלט אויף דעם 12טען קאָנגרעס אין ראָם האַלטען פאַר זייער פפליכט און שולדיגקייט ארויסצוזאָגען, אז דער בלבול אויף דער יודישער רעליגיאָן, אז זי בעפעהלט צו בענוצען קריסטענבלוט, איז אַ שקר און אַ חרפה פאַר דעם ענדע פונ'ם 19טען יאהרהונדערט".

*

**גריכענלאנד.** *** אין אַ גריכיש בלאַט שרייבט מען פון אינזעל קיפער, אז דאַרט האָט דער פלאַן פון יורישער קאָלאָניזאציע געמאכט א שרעקליכען רושם אויף די גריכען. זיי מאכען פיעל אסיפות און בעראָטהען זיך ווי אזוי צו פערהיטען אז פרעמדע זאָלען צו זיי נישט קומען. די איינוואָהנער פון קיפערן זענען צוואר אונטער ענגלישער ממשלה, אבער זיי זענען נאָך תמיד אַזעלכע אנהענגער פון גריכישער נאַציאָנאַליטעט, אז זיי האָבען מורא די אינזעל זאָל נישט פערליערען דעם נאציאָנאלען חאראקטער ווי באלד יודען וועלען זיך דאָרט קאָלאָניזירען, זיי וואָלטען אפילו אנדערע קאלאניסטען, ווי דייטשען און פראנצויזען, אויך נישט געלאָזט זיך בעזעצען אויף זייער אינזעל. דאדורך זענען אויף קופערן דאָ גאַר ווייניג טירקען, חאָטש די אינזעל האָט כמעט 300 יאָהר געהערט צו דער טירקיי. די איינוואָהנער פון קיפערן זענען איבערהויפט, ווי געוועהנליך אינזעל-בעוואָהנער, גרויסע נישט-פערגינערס וואָס זעהען נישט גערן קיין פרעמדע ביי זיך.

*

**טירקיי.** *** פון דעם לעצטען ערדציטערניש וואָס איז געוועזען פאַר 4 וואָכען און דער געגענד פון סמירנא, זענען ערשט איצט דאָ קלאָרע ידיעות, אַז מייסטען האָט געליטען די שטאָדט אַירין, וואו עס זענען אַ ערך פון 400 הייזער איינגעפאלען. מעהר ווי איבעראל איז געווען שאדען אין דעם פערטעל, וואו יודען וואָהנען. פון 52 טוידטע זענען געווען 24 יודען. 2 שוהלען זענען אין גאנצען איינגעפאַלען.

---

# פעלעטאָן.

## בלעטליך פון א קרעמער'ס טאג-ביכעל.

ג.

בעריל דער געלער, — אמאָל אין דער יוגענד איז ער, בעריל, געוועזען א געזונדטער יוד בעוואכסען מיט א גאנצען ים געלע האָר, היינט איז ער א גרויער יוד מיט א דאר פנים; אפאָר קליינע, קלוגע אויגען בלישטשען פון אונטער די געדיכטע ברעמען; א פארצעלייענע לולקע מיט א געפלאָכטענעם צובוקיל האלט ער שטענדיג אין מויל און שפייעט אָפט צווישען די ציין, — בעריל דער געלער איז היינט א צייט לאנג ביי מיר אין קראָם געזעסען און מיר האבען וועגען וועלט-זאכען געשמועסט. בעריל איז א קליגער יוד, האָט זיך זיין גאנצע וועלט אין סוחרי'שע הייזער געריעבען, האלב אלס מעקלער האלב אלס פריקאשטשיק, און פערשטעהט גוט א עסק. ער האט ליעב צו רעדען, ווארפט אריין אין שמיעס א ווערטיל, א מאָל אויך א תורה'לע, און איך האב איהם ליעב צו הערען. דאס ווייב מיינס, אמת, האט איהם ניט ליעב; ער איז, זאָגט זי, אמאָל א געלער געוועזען, ער איז אביסעל צו חיטרע, אין האט א מאוסע רגילות אטאפ צו טהון ביי יענעם אין וואָגען, אריינקוקען צו יענעם אין די לונגען. נאָר איך האב זיך פאר איהם ניט וואס צו היטען; ביי מיר אין קרעמיל וועט ער גאר נישט אויסקוקען...

דו זאָגסט, — הויבט אָן בעריל זיין שמועס (ער זאָגט אלעמען „דו"), טהוט א ציה דאס לולקעלע און דערלאנגט א ווייטען שפיי דורך די ציין, — דו זאָגסט אז מיט די סוחרים, מיט די הענדלער איז נאָך א האלבע דאגה, אז אויף זייער געסיל זענען נאָך די אינטערעסען יום-טוב'דיג. מהיכא-תיתא, ויי עסען דאך צו זאט, חאפען נאך ווען עס איז א געשמאַקען ביסען, געהען אין גאנצע שוך-און-קלייר, טהוען דערוויילע קינדער גוטס, גיבען זיי לערנען, שטודירען. קען מען זאגען, דאס רעדיל דרעהט זיך געוויס געשווינדער. אָבער אין תוך אריין קוקענדיג, זייענדיג א שטוב-מענש ביי אונזערע סוחרים, זעהט מען אז ס'איז אַ גרויסער טעות אין חשבון, דער גאנצער בנין איז דאָרט אויך אויף היהנערשע פיסלעך געבויעט און ער וויעגט זיך אין גאנצען. דאס גאנצע לעבען פערברייננגט מען אין הו-האַ, ביי טאָג שווימט מען אין דער לופט ווי אויף פליעגעל, ביי דער נאכט דרעהט זיך דאס קישען צוקאָפענס. און וואס איז לסוף? — א פוסטע ווינד-מיהל, א נעבעטיגער טאָג. איך רעד נישט פון די געצעהלטע גבירים אונזערע אין די גרויסע שטעדט, פון דעם הייפעל באנקירען, פאָדראטשיקעס, פאַבריקאנטען, וואס מיר האבען נאך אונזער אייגענס. פון זיי שמועסען מיר ניט: מיט איין לעפעל שמאנד פאררי‌כט מען ניט א גאנצען טאָפּ זויער-מילך. מיר רעדען פון די פיעל הונדערטער, טויזענדטער געוועהנליכע סוחרים אין די גרויסע און קליינע שטעדטליך, וועלכע דרעהען מיט'ן רובל און מאכען מיט איהם אלערליי קונצען. זאג איך דיר, אברהמ'יל ברודער, אז גערעכט איז דער פויער, להבדיל, וואס ער זאָגט אז „טאם דאָברא גדע נאס ניעמא", ד. ה. אויף פראָסט יודיש אז עס דוכט זיך מעהר נישט אז יענעמ'ס פעקיל איז גרינגער ווי מיינס, אָבער אין דער אמת'ען איז כל ישראל יש להם חלק — יעדער יוד האט זיך זיין חלק ביי יעדען אויף דעם אויסגעבויגענעם רוקען ליעגט א שווערער, הארטער פאַק העכער ווי זיין קאָפּ, און מען טראָגט, מען שלעפט, קוים ריהרענדיג מיט די פיס. . . מיינער א פעטער א קלוגער יוד און, ווי דער שטייגער איז, א גרויסער קבצן, פלעגט זאָגען אז ביי כל אומה ולשון כל-זמן מען לעבט לעבט מען, און אז מען שטארבט לעגט מען בשלום אריין אין קבר, און א יוד שטארבט יעדער טאג לעבעדיג און טראגט תמיד א קבר ביי זיך אויף די פלייצעס... — די לולקע האט א שטארקען חראָפּ געטהון, בעריל האט זיך א פאָר מאָל אויסגעהוסט עפיס ווי מיט א בייזער און האָט א שפיי געטהון אזש איבער'ן שוועל.

יעדעס וואָרט בעריל'ס האט מיר געשטאָכען ווי מיט א מעסער, און דאָ האט זיך מיר געוואָלט ער זאָל נאך רעדען, פונקט ווי בשעת די ציין טהוען וועה: קוים מען דערלעבט דער וועהטאג זאָל זיך אביסעל איינגעהמען און דאך ווילט זיך דעם קראנקען צאָהן א ציה טהון...

— אָט, נעהם נור, למשל, — זאָגט בעריל ווייטער מיט זיין גרעבליך קול: — צוויי, דריי פון די הויפט-מסחרים, ביי וועלכע עס לעבען און עס פלאגען זיך א גרויסע צאָהל פון אחינו-בני-ישראל: תבואה, פלאכס און האָלץ. אין די אלע דריי געשעפטען, למשל, זענען דאָ עטליכע גרויסע, פעטע יודעליך מיט רייכע קעשענעס. א דאנק גאט דערפאר! אָבער, ערשטענס, האבען מיר דאָך שוין אָבגערערט ניט צו שמועסען פון ד ע ם הייפעל; און, צווייטענס, זענען אָט די עטליכע רייך און געזונד אויך מעהר נישט ווי מיט זכות-אבות: דער טאטע, דער זיידע האט נאך אמאל, אין די גוטע יאָהרען, די מזומנים אנגעלעבט און האט דעם פונדאמענט געלעגט. און דער זוהן, דאס אייניקעל, זיי לעבען און האָרעווען מעהר נישט אויף איין זאך — דעם טאטענס נישט אויסצולעבען, אָבער אליין אָנלעבען — נישט היינטיגע יאָהרען... נעהם אָבער דעם גרויסען צאָהל געוועהנליכע סוחרים, דאָ זענען די אינטערעסען זעהר חלשות'דיג. א יוד א סוחר נעהמט אין א קאנטאָר א פאָר טויזענד קארבען „פאָרשוס" און שיקט ארויס זיינע עטליכע „פראסלער" (צוגויפקויפער) אויף דער „מרינה" צונויפקויפען און געבען „אויפגאבען" אויף האָבער, גערשטען, זאָמען, פלאכס א.ד.ג. דער סוחר זאָגט אָן די פראסלער ארויספאָהרענדיג מען זאָל ניט „שרפה'נען", ניט ברענען קיין געלד, מען זאל קויפען מיט א חשבון, עס זאל בלייבען עפיס פרנסה. „לאָז דער און יענער כפרה ווערען מיט זיינע קניות, — טענה'ט ער מיט הארץ, — ביי זיי איז געלד וואָלוועל, זיי זענען אָנזעצער, און איך מוז אוועקגעבען לייטען וואָס איך בין שולדיג"... און בשעת-מעשה טראכט ער ביי זיך אין הארצען אז מען קען ניט שטעהן אויף א קאָפּיקע-צוויי אין פוד תבואה, אויף א פערטעלע אין בערקאָוועץ פלאכס, אז מען קען ביי דעם פויער ניט איינשטעלען א אייגענעם מקח און סחורה צום טערמין מוז מען אין קאנטאָר שטעלען: מען האָט דאך נאך צו לעבען און צו בלייבען א סוחר מיט א שטיקעל נאמען ביי לייטען. דעם פראסלער איז אויך ניט גרינג אויפ'ן הארצען; מען פאָהרט אָפּ א טאג נאך א טאג, קויפען מיט א חשבון, ווי דער סוחר האט אָנגעזאָגט, קען מען ניט, אויף יעדעס ביירעל פלאכס, אויף יעדען פוד תבואה לויפען צונויף „ווי די היישעריקען" א דוץ פראסלער פון אלע געגענדען; קומען צום סוחר אהיים מיט לעדיגע הענד אָהן סחורה, מיט טענות אז מען האט ניט געקענט קויפען, דאס קען מען אויך ניט, דער סוחר וועט זיך בייזערען און מען וועט אָנווערען דעם לעצטען אייגענם - דעם נאָמען „בריה" — און מען הויבט אָן ניט ווילענדיג שרפה'נען, „ארויפבאָטען" איינער אויף דעם אנדערען, מען לאָזט זיך נארען און מען פרובט נארען דעם פויער, „מאכען" איהם אין דער געוויכט, חאפען אַ האלבען פוד יתור'ל. דער סוחר האָרעוועט און פינסטערט אגאנצער וואָך ווי אזוי צו בעקומען געלר צו בעצאָהלען פאר די סחורה וואס מען וועט צו-שיקען פון דער מדינה; דער פויער וויל, ברענגענדיג די סחורה, ניט וויסען פון קיין מעשות, איהם גיעב דאס געלר און נעהם-צו די סחורה, און אז ניט ליארעמט ער, שרייעט ער און רעדט גראָבע דבורים; מען האָרעוועט, מען פראצעוועט, מען שרייבט בריעף, מען קלאפט טעלעגראמען, מען קאָכט ווי אין א קעסיל, עס שפאלט דער קאָפּ, עס צוגעהט זיך די גאל. און דער פראסלער פאלט אריין אהיים פון דאָרף פרייטאָג שפעט, א צובראָכענער, ניט געגעסען, ניט געשלאָפען, מען אוספעיעט קוים אריין צו לויפען אין מרחץ, חאָטש אביסעל אויספארען זיך, אויסגלייכען די ביינער, און זונטאג פאר טאָג לויפט מען שוין ווייטער אין דאָרף. מען לויבט און

מען דאנקט גאָט אז ביי דעם סוחר האבען זיך נאך געפונען א פּאָר הונדערטער אויף אויסגאָבען. אָט אזוי יאָגט מען זיך ארום וואָכען, חדשים לאנג. א חשבון צו מאכען, דער פראסלער מיט'ן סוחר, דער סוחר מיט קאנטאָר, איז ניטא ניט קיין צייט ניט קיין כח, מען קען ניט און מען וויל ניט — מען האט מורא „פאר די אונטערשטע שורה", מען איז צופריעדען וואס מען לעבט חאטש, מען עסט ברוידט דערווייל, אייגענע אדער פרעמדע. לסוף, אז עס ענדיגט זיך דער מסחר, דאן הויבט זיך ערשט אָן א טומעל, דער פראסלער זוכט-אויף ז י י נ ע צוקנייטשטע פאפירליך, געשריעבען מיט א בלייפעדער זיצענדיג אין וואגען, און געפינט אז נאך ז י י ן חשבון האט ער ב ע ד א ר פ ט פערדיענען, קומט איהם ארויס געלד פון סוחר; דער סוחר געפונט ז י י ן בוך און דערווייזט אז דער פראסלער איז נאך א י ה ם שולדיג, האט א י ה ם געלד אויסגעגעבען; די קאנטאר פון איהר זייט זוכט אין א י ה ר ע ביכער און געפינט אז דער סוחר איז איהר שולדיג, אז ער האט געשווינדעלט אויף איהר חשבון, — און עס הויבען זיך אן דין תורות, משפטים, שבועות און פשרות, מען עסט אויף זיך און יענעם לעבעדיגערהייט, און. . . און עס ענדיגט זיך דערמיט אז דער פראסלער בלייבט פערבונדען ביים סוחר, דער סוחר — ביי קאנטאר, אין פרנסה בלייבט דאס וואס מען האט דערווייל דורכגעשטופט נאך א יאהר, און עס הויבט זיך אן דאסזעלבע דרייערל אויף דאס נייע יאהר.

— איך געדענק, אמאל פלאכס-געשעפט, — קאכט זיך בעריל ווייטער און איך זיטץ און הער ווי א צוגעשמידטער: — אמאל, ניט לאנג, מיט א יאהר 20—25 צוריק, איז פלאכס געוועזען א גאלדענער עסק, א עסק כמו שנאמר, פון וועלכען מען האט ברוידט געגעסען מיט פולען מויל. עס פלעגט אפילו אפט טרעפען א ירידה אויך און יודען זיינען בדלות געווארען. אבער דאס רוב האט מען פערדיענט, און גוט פער־יענט. ווענינער ווי א פינפעריל האט מען זיך לכתחילה ניט געשטעלט אין בערקאוועין. היינט ווער האט געוואוסט מעהר ווי צוויי סארטען: קרוין און בראק. איז דער פלאכס נור ניט געוועזען קרוין האט מען איהם געקויפט אין בראק, און פאר אלע בראקען א גלייכען מקח געצאהלט. אין דער אמת'ן אבער איז אין בראק אויך דא סארטען, און דא פלעגט דער סוחר חאפען א מטבע פרנסה. היינט ווער רעדט שוין אז א בראק איז אוועק פאר א קרוין, דא האט שוין טאקי געשמעקט מיט פרנסה אחד-באחד. איצטער אבער ווייס שוין יעדער פויער פון „פיק", פין „זופעריאר", פון „צינז", מען נארט ניט דעם פויער נור זיך, עס איז אזעלכע קליינע אונטערשיעדען פון איין סארט ביז דעם צווייטען אז מען קען לייכט א טעות האבען, מען ליעגט אין גאנצען אין האנד ביי דעם דייטשען, דעם עמפפאנגער, און דאס איז שוין א געוויסער כלל אז „הלכה כדייטש". ביי אזעלכע מסחרים איז קיין חדוש ניט אז מען הערט אלע טאג, אז דער און יענער, וואס די וועלט האט ווי געהאלטען פאר אייזערנע קאסטענס, האבען פלוצים געמאכט פליטה און זענען אליין אויך ביי א קאפיקע ניט געבליבען; עס איז קיין חידוש ניט אז מען ווערט גרוי צו פערציג יאהר און דאס לעצטע שטיקעל לונג שפייעט מען אויס צו פופציג...

בעריל האט זיך אפגעשטעלט, א טיעפען קרעכ'ץ געטהון, אויסגעקלאפט די לולקע און אנגעשטאפט מיט טאבאק, פאררויכערט און האט אנגעהויבען ווייטער רעדען:

— איצטער לאָמיר לאָזען די בת-מלכה און נעהמען זיך צו דעם בן-מלך, צו די האָלץ-הענדלער. איך זאָג, אברהמ'יל ברודער, דאָרט איז אויך צרות, ווי די וועלט זאָגט, די חברה, די האָלץ הענדלער, האָבען תמיד ליעב צו בעריהמען זיך מיט זייערע פרנסות, עס פאַסט צום עסק, אָבער איך קאָן זיי, מיין לולקע איז ווי אַלעמען ברוך-השם בעקאַנט, זאָג איך דיר אז העלפט פון זיי זענען פשוט גרויסע שקרנים, און די אנדערע העלפט האָט במחילה זעהר ניט ליעב א אמת צו זאָגען. דאָס גאנצע געשעפט איז א קאָרטען-שפיעל: מען קויפט א וואַלד, ניט וויסענדיג וואָס מען קויפט: דעם מעקלער ארט גאָר ניט אויב דער סוחר וועט יאָ פערדיענען אָדער ניט, אבי ער זאָל אפנעהמען זיינע מעקלעריי און דער בראקער, וואָס מען ברייננט מיט זיך פאָר א מבין, איז אויך מעהר נישט ווי א מענש, און גאַנ'ץ אָפט אויך גאָר קיין צדיק: ער וויל אויך דער סוחר זאָל האָבען עסק און ער — א שטעלע. און אז מען קויפט שוין מיט מזל דעם וואלד, אָדער, ווי זיי רופען עס, „דעם עסק", טרויעט מען דאָס גאנצע קאַפּיטאַל דעם וואַסער און עטליכע צעהענדליג שכורע פויערען; עס טהוט א בלאָז א קליין ווינטעלע, עס צושפּיעלט זיך דאָס וואַסער און עס הויבען זיך אָן פליטען קלאַפּען, ברעכען אין מיטען טייך, עס טרינקט זיך יודיש געלד, עס גיעסט זיך יודיש בלוט; עס פאַרשכורט זיך א פויער פונ'ם פליט האקט ער אָפּ דעם קאַנאַט, פאַרקויפט איהם פאַר א גילדען, און לאָזט אוועק דעם פליט אויף גאָט'ס השגחה. עס געפינען זיך יודען בני-רחמנים וועלכע וואָהנען ביי די טייכען, פאָהרען זיי צו אויף שיפליך און חאפּען אָדער האקען אָפּ א בעלקעל, א שליפער, וואָס קאָסט דעם סוחר א דרייעריל מיט א סך הארצוועהטאג. נאָר דאָס בין איך שוין מוחל, אין יעדער מסחר שטעהט ריזיקע. איך מיין מעהר נישט צו זאָגען נאר א אנדער זאַך, אז דער גאנצער עסק איז קיין עסק ניט. איצטיגע יאָהרען קענען האנדלען מיט וואַלד נור א גאנ'ץ קליינער פּראָצענט יודען, אזעלכע יודען וואָס קענען קויפען גרויסע „עסקים", פאַר הונדערט, פאַר צוויי הונדערט טויזענד רובעל. אזא עסק קויפט מען אויף יאָהרען, אויף צעהן, אויף פופצעהן יאָהר, האט מען דערווייל געשעפט אויף עטליכע יאָהר: אונטער דער צייט קוקט מען זיך רערווייל אוים נאָך א עסק, מען בעקוקט איהם, מען בערעכענט און, אז עס לאָהנט, קויפט מען ווייטער אויף יאָהרען, און אָט אויף אזא אופן ציעהען זיך די עסקים איינער נאָך דעם אנדערען. רער קליינער סוחר אָבער קען קויפען א עסק פאַר צעהן, פאַר צוואַנציג טויזענד רובעל, ארבייט ער איהם אוים אין א יאָהר און בלייבט ווייטער אָהן געשעפט; צו יעדען הערבסט בעדארף ער איבער דאס נייע געבאָהרען ווערען. און קריגען א נייע געשעפט איז ניט גרינג; העלפט פרנסה פון דעם פאַריגען וואַלד, אויב מען האָט שוין אין איהם יאָ פערדיענט, פאַרפאַהרט מען זוכענדיג א נייע געשעפט, העלפט פאַרלעבט מען, און לעבען לעבט מען ערשט ניט: ווינטער ליעגט מען אין וואַלד, ערגי'ץ-וואו אין א הייזעל אָהן א פּאָדלאָגע, מיט א פערשטיקטע לופט, זומער „זיצט" מען אין ריגאַ, וואו מען פערקויפט דאָס ביסעל סחורה. מען זיצט אין ריגאַ, יעדער טאָג קאָסט געלד און מען פערגינט זיך ניט דאָס לעבען, און ווי נור פערקויפט די סחורה לויפט מען שוין ווייטער זוכען, און דאָס קויפען און פערקויפען איז אזוי גרינג? — וועלדער ווערען וואָס ווייטער ווייניגער, און סוחרים. ד. ה. יודען „נאַשער" וואָס האבען א חשק צו א שטיקעל ברוידט, ווערען וואָס ווייטער מעהר. מען קריכט איינער איבער דעם אנדערען. יעדער סוחר, פאָהרענדיג קויפען א וואלד, מיינט ער אז מעהר ווי ער ווייס פון דעם וואלד ניט און ער וועט איהם קויפען אין גלייכען געלד, און קומענדיג צום פריי'ן, וואָס פערקויפט דעם וואלד, געפינט ער נאָך אנדערע פינף סוחרים, וועלכע האָבען אויך פון דעם וועלבען סוד געוואוסט. לכתחלה איז מען געפאָהרען פון דער היים פעסט אין דער רעה צו קויפען אין גלייכען געלד, נאָר קומענדיג און געפינענדיג קאָנקורענטען ווערט מען ביי זיך שוואכער און מען לאָזט זיך בייגען. עס הויבט זיך אָן דאָס געוויסע ליעדעלע „אז עס איז ווערטה פאַר יענעם פאַר אזוי פיעל איז ווערטה פאַר מיר מיט נאָך הונדערט רובעל טהייערער" און אַזוי, ביסליכווייז, ביסליכווייז, צאָהלט מען אָפּ דאָס לעצטע געלד... קויפען אַ וואַלד אַקוראַט נאָך דעם אייגענעם קאַפּיטאַל קען ניט זיין, עס איז ניט פון די זאכען וואָס מען קען אויסקלייבען, קויפט מען אויף דעם חשבון וואס מען וועט קריגען געלד אויף פראָצענט; געלד אויף אָפּעראַציאָן וועט מען נעהמען אין א קאַנטאָר און מען וועט פאָראויס אַביסעל סחורה פערקויפען. עס לאָהנט אַפילו ניט צו זיין אַ פערבונדענער, נאָר וואָס קען מען העלפען, „אַז מען קען ניט אַריבער מוז מען אַרונטער"; די אַפּעראַציאָן לאָזט זיך אויס ניט ווי מען האָט גערעכענט, עס האָט געקאָסט טהייערער דאָס אַרויספיהרען פון וואַלד, עס איז ניט געוועזען קיין ווינטער-וועג, עס האָט אויפ'ן טייך די פליטען געבראָכען, — נעהמט מען צו נאָך אַביסעל געלד אויף אַ טהייערען פראָצענט, פערקויפט מען דאָס לעצטע ביסעל סחורה פאַראויס, „נאָר ווי-עס-איז אין ריגאַ צו קומען". און דאָרט אין ריגאַ הויבט זיך אָן דאָס זעלבע ליעדעלע וואָס מיט דעם פלאכס-הענדלער: מען בלייבט איין יאָהר הינטערשטעליג א קליינע סוממע, נעהמט מען צום קומענדען יאָהר א גרעסערע סוממע, קויפט מען צום דריטען יאָהר נאָך א גרעסערען עסק, מען האפט זיך אריבער אין א רייכערע קאנטאָר און מען נעהמט נאָך א גרעסערע סוממע, מען נעהמט ארויס איין שויב און מען שטעלט אריין אין די אנדערע, און אזוי וואכסען די חובות און. . .

— און וואָס איז אבער דער סוף? — שלאָג איך איבער מיט היטין אין מיטען בעריל'ס רעד.

— דער סוף? — חזר'ט איבער בעריל מיין פראגע: — לסוף, אברהמ'יל ברודער, שטארבט מען!...

בעריל האָט קוים געענדיגט זיין לעצטע פראזע איז אריינגעלאָפען אין קראָם זיין ווייב, א אלטע הויכע און דארע יודענע מיט א רעש, מיט א געפילדער, אז זי זוכט איהם שוין פון צוויי „זייגער שעה" און אין דערהיים האט מען שוין אויף איהם דריי מאל געפרעגט פון ר' עקיבא-יונה'ן דעם גביר.

בעריל איז אוועקגעגאנגען היילענדיג זיך און איך בין געבליבען זיצענדיג אויף א ארט, אָנגעשפארט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט, אין מארך טאַטשען די לעצטע ווערטער בעריל'ס: „לסוף שטארבט מען" און אין די אויערען קלינגט מיר דער סוף פון פרוג'ס אַ ליעדעל:

„עס קלאפּען די פּושקעס... עס ארבייט די זעג:
„פיער ברעטער, צוויי שערבלעך — און אוים מיט אניעק!"...

אבגד האדרעי.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

חברת אחיאסף

יצא לאור

## דרך תשובה

והוא חלק שלישי להספר המפורסם

### חטאת נעורים

מאת צלפחד בר חושם התוהה.

הספר הזה מכיל המשך תולדות חיי המחבר בתקופה המלאה ענין רב לעם ישראל, היא תקופת מלחמת ההשכלה ההפשית, צמיחת הרעיון הלאומי וראשית העבודה בענין ישוב ארץ ישראל.

מחיר הספר 25 קאפ׳ ועם פארטא 30 קאפ׳.

Verlag ACHIASAF, Warschau.

## זדון ומשוגה

### ספור מקורי מזמן משיח השקר שבתי צבי

מאת א. ש. פריעדבערג.

עם הספור הזה מתחיל החלק הרביעי מס׳ „זכרונות לבית דוד" הנודע לקהל הקוראים זה מכבר, ואחריו יצאו לאור עוד ספורים המיוסדים על דברי ימי התקופה האחרונה בתולדות ישראל. ס. זכרונות לבית דוד כבר רכש לו קוראים לאלפים ולרבבות ונעשה לספר מקרא אהוב ונחמד לגדולים ולקטנים. שפתו מצוינת עד להפליא וסגנוני לוקח לב ביפיו וטוב טעמו ומושך לב הקוראים לכל היקר והקדוש לעמנו.

מחיר הספור „זדון ומשוגה" 55 קאפ. ועם פארטא 60 קר.

„זכרונות לבית דוד" חלק ראשון מחירו 1,54 ר׳ וע״פ 1,72 ר׳; מכורך 1,84 ר׳ וע״פ 2.02 ר׳. חלק שני — 1,40 ר׳ וע״פ 1,56 ר׳; מכורך 1,70 וע״פ 1,86 רו״כ. חלק שלישי — 1,73 ר׳ וע״פ 1,91 ר׳; מכורך 2,03 ר׳ ועם פארטא 2,20 רו״כ.

# געזעלשאפט „כרמל" ווארשא

אויסשליסליכער פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד

## פון נאטירליכע וויין און קאניאק

וועלכער ווערד אויסגעארבייט

אין די וויינגערטנער

פון די

## יודישעקאלאניעם

אין

## ארץ ישראל




די מארקע איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.



דער עטיקעט איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.

„צו לויבען דעם כרמל-וויין און קאניאק איז גאנץ איבריג, ווייל זייא זענען שיין אנערקאננט פון די גראסטע „אבליטע פיר איינציג נאטירליך און ריין און קעננען קאנקורירען מיט דיא בעסטע פראנצאזישע או „אנדערע אויסלאנדישע פיינסטע סארטען".

הויפט-קאנטאר אין ווארשא, נאלעווקי נ׳ 21, טעלעפאן נו׳ 1433.

אדרעססע פיר בריעף: Товарищество Кармелъ Варшава. פיר טעלעגראממען: Варшава Кармелъ.

אבטהיילונג פיר זיד-רוסלאנד אין אדעססא רישעליעוסקאיא אין דעם הויז פון ה׳ בארבאש:

אדרעססע פיר בריעף: Товарищество Кармелъ Одесса. פיר טעלעגראממען: Одесса Кармелъ.

צו אדעססער ראיאן געהערען די גוברניעס: חערסאן, קישיניעוו, יעקאטערינאסלאוו, פאראלסק, קיעוו, חארקאוו, פאלטאווא, קרים און קאוקאז

## אונזערע וויינען און קאניאקען בעקומט מען אין אלע וויינהאנדלונגען

כדי צו בעווארנען כרמל-וויין און קאניאקען פון נאכגעמאכטע, פערקויפען מיר אונזערע וויינען און קאניאקען נור אין פלעשער פערזיגעלט מיט אונזער סטעמפעל און פערקניפט מיט דער פלאמבע פון „כרמל".